# די יודישע צוקונפט

א חודש זשורנאל פאר לעבען,
ליטעראטור און וויסענשאפט.

רעדאקטאר: דר. י.ווארטסמאנן.

צווייטער יאהרגאנג. מערץ. 1905 III. העפט

אינהאלט:



קראקוי לאנדאן נעוויארק.

## DIE JÜDISCHE ZUKUNFT

Monatsschrift für Leben, Literatur und Wissenschaft.

**Zweiter Jahrgang. März 1905, III.**

Preis: 6 Kr. ganzjährig; 3 Kr. halbjährig.



Verlag „Die jüdische Zukunft".
Für die Redaction verantwortlich—M. Fischer.
Druck von Josef Fischer in Krakau.

# צו אונזערע אבאָנענטען.

לאַנגזאַם, זעהר לאַנגזאַם שלאָגט זיך דורך אונזער זשורנאל אַ וועג. ביז איצט געפינט זיך „די יודישע צוקונפט" קוים אין קנאַפּע 225 שטעדט און שטעדטליך אין רוסלאנד. דאָס איז אַ טרויעריגער בעווייז, אַז נאָך האָט דער גרויסער רוב ציוניסטישע פעראיינען ניט איינגעזעהן די נייטיגקייט פון א ציוניסטישען ערנסט־וויסענשאַפטליכען און ליטעראַרישען אָרגאַן. אָדער גאָר בעווייזט דאס, אז יענע ציוניסטישע פעראיינען עקסיסטירען נור אויפ'ן פאפיער? ווער ווייסט?..

יעדער, אבער אונבעדינגט, יעדער לעזער מוז מודה זיין, אַז די רעדאקציע גיט זיך די גרעסטע מיהע דען זשורנאל וואס אַ מאל אויסצובעסערן, איהם אינטערסאַנטער און וויכטיגער מאכען. די ציוניסטען האבען אין דער „יודישען צוקונפט" דען איינציגען ערענסטען ציוניסטישען ארגאן, וועלכער זייענדיג ציוניסטיש, איז דאך פון קיינעם אבהענגיג. אזוי אז ער איז, און וועט בלייבען פריי און אונאבהענגיג.

„דורך דער פרייהייט, צו דער פרייהייט" איז ביי אונז קיין פוסטע פראזע. דאס איז דער געדאנק אויף וועלכען אונזער ציוניזם שטיצט זיך, און איז דער פאר דער יסוד פונ'ם זשורנאל. —

צו געפונען זיך ביי אונז באמת אזוי וועניג ציוניסטען, וואס האבען ניט מורא פאר'ן פרייען ווארט?

מיר זאגען עס אפען: אונזערע ציוניסטען, האבען ביז איצט זייערע חובות צום זשורנאל ניט ערפולט.

נור דער זשורנאל הייבט ערשט אן צו לעבען און מיר פאדערן אונזערע חברים זייער חיוב צו ערפולען. —

פערשפרייט דעם זשורנאל צווישען ציוניסטען און אויך ניט ציוניסטען. פערלאנגט איהם אין אלע ביבליאטהעקען און אלע רעסטאראנען און קאנדי־טערייען וואו איהר פערקעהרט נור. קודם כל אבער מוז דאך יעדער פעראיין איהם אליין אבאנירען און וועניגסטענס נאך 1—2 אבאַ־נענטען אויסזוכען. דאס איז געוויס ניט פיעל פערלאַנגט. —

מיר ווענדען זיך הויפטזעכליך צו די חברים אין רוסלאנד, גאליציען און רומעניען, די „פעדעריישען" אין ענגלאנד (ציוניסטישער לאנדעס־קאמיטעט) געפינט דעם זשורנאל צו פיעל פאר פריי און אונאבהענגיג און א דאנק איהר בעמיהען זענען אויך די „פעדעריישען" אין אמעריקא און אין דרום־אפריקא געגען „די יודישע צוקונפט".

דארף מען נאך א בעסערן בעווייז ווי נייטיג דער זשורנאל איז? —

מיר ערווארטען אז אונזערע חברים וועלען דאס איינזעהן, און זיך ניט מעהר בעגניגען מיט פערשפרעכונגען.

ווילען זיי א ארגאן האבען — אזוי מוזען זיי העלפען איהם בעשאפען.

די רעדאקציע.

---

# די יודישע צוקונפט

א חודש־זשורנאל פאר לעבען, ליטעראטור און וויסענשאפט.

## 1905 צווייטער יאהרגאנג 1905

# נְשָׁמוֹת.

---

פוּן הִימֶעל פְלִיהְט אַרָאפּ אַ כָּשֶׁר'ע נְשָׁמָה,
אַ מַלְאַךְ דְרִיקְט זִי מִיט רַחֲמָנוּת צוּ זַיין בְּרוּסְט;
דֶער בְּלָאֶער עֶטֶער צִיטֶערְט אוּן עֶס בְּלַייבֶּען—
וִוי עֶרְשְׁטוֹינְט דִי וַוייסֶע יוּנְגֶע וָואלְקֶען,
דְרִיקֶען זִיךְ צוּזַאמֶען וִוי אַ סְטַאדֶע שֶׁעפְּסֶען,
קוּקֶען אִין דֶער הוֹיךְ פֶּערְוואוּנְדֶערְט אוּן פֶּערְחָלוּמ'ט:
— „אַ נְשָׁמָה פְלִיהְט פוּן הִימֶעל"...
דִי זוּנְן פֶּערְגֶעהְט אוּן שְׁפְּרִיצְט מִיט רוֹיטֶען פַייעֶר
אִין דִי אָבְּגֶעקִיהְלְטֶע אָוֶוענְדְ'ס-טַייכֶען;
צְוֵויי אַלְטֶע שׂוֹנְאִים קִישֶׁען זִיךְ אוּן שְׁמֵייכְלֶען...
דָאס קִיהְלֶע וַואסֶער לֶעשְׁט נִיט אוֹיס דָאס פַייעֶר,
דָאס רוֹיטֶע פַייעֶר טְרִיקֶענְט נִישְׁט דָאס וַואסֶער...
דִי זוּנְן פֶּערְגֶעהְט אוּן קוּשְׁט דִי יוּנְגִינְקֶע נְשָׁמָה
מִיט אַ לִיבֶּען שְׁמֵייכֶעל פוּן אַ גוּט-הֶערְצִיגֶער בַּאבֶּען,
וָואס לִיעבְּט אַ סַךְ, אוּן וֵוייסְט אַ סַךְ...
אוּן ס'צִיטֶערְט שְׁטִיל דִי כָּשֶׁר'ע נְשָׁמָה,
עֶפֶּעס פְרֶעהְט אִיהְר, עֶפֶּעס שְׁרֶעקְט אִיהְר:
— „זִי וֶועט בַּאלְד וִויסֶען, פִיהְלֶען, נַייעֶס,
וֶועלְכֶע זֶענֶען אִין דִי וַוייכֶע הִימְלֶען גָאר נִישְׁטָא"...
זִי קוּקְט אַרָאפּ, עֶס עֶרְוַוארְטֶען זִי דָארְט סוֹדוֹת
אוּמְגֶעדוּלְדִיג פְלַאטֶערֶען דִי גוֹסֵס'דִיגֶע שְׁטְרַאהְלֶען
עֶפֶּעס בְּלָאעֶ פְלֶעקֶען שְׁוִוימֶען דָארְט אוּן שֶׁעפְּטְשֶׁען:
— קוּם שׁוֹין, קוּם שׁוֹין טַייעֶרֶע נְשָׁמָה!...
אוּן עֶס דְרִיקְט אִיהְר שְׁטִיל דֶער מַלְאַךְ צוּ זַיין וַוייסֶער בְּרוּסְט
אוּן עֶר זִינְגְט אִיהְר: „שְׁרֶעק זִיךְ נִיט מַיין קִינְד!
דָאס לֶעבֶּען אִיז נִיט שְׁרֶעקְלִיךְ דֶעם וָואס שְׁטְרֶעבְּט!
גֶעה שְׁוִוים דָארְט אוּנְטֶען, זוּךְ דָארְט אוֹיס פַאר-גָאט,

הייסע הייליגע געפיהלען, קלייב צו שפרייטע פונקען,
געפין אין פעלזען הערצער, און קוואלען אין מדבריות,
קלייב־זיי, פאנג־זיי, ברייננ־זיי אויפ׳ן הימעל!
פון אזעלכע פערעל פלעכט זיך גאט א קרוין...
און ווען די גרויסע קרוין וועט ווערען פערטיג
,,וועט גאט אליין אראפ געהן אויף דער ערד...״
און עס ציטערט די נשמה פוןווארימע געפיהלען,
דריקט צו פרוס די גאלדענע פליגלען צו איהר הערציל:
,,כ׳וועל טהון וואס גאט הייסט, כ׳וועל ערפולען —
וואס אלע פרומע ענגלען הייסען טהון״...
די זונן פערגעהט און קושט די כשר׳ע נשמה
מיט אשמייכעל פון א גוטהערציגער באקען
וואס ליעבט א סך, און ווייסט א סך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אויף דער ערד דארט ציהט זיך אהן א סטרונע; און א קרעכץ...
— פון וואנען איז א קרעכץ?
א קינד... א מיידעל איז געבארען...

* *
*

פון דעם ערד־זומפ רייסט זיך אויס א פערחשכ׳טע נשמה,
ווי א שווארצער אויסגעפליקטער ראב פון נעץ;
א טייפעל האלט זי פעסט פאר איין צוברראכען־פליגעל.
זי פלאטערט און זי רייסט זיך און דער טייפעל לאכט —
מיט קרומע גליהענדיגע ציינער.
די געוויטער־נאכט איז שווארץ, זי ליעגט בעטריעבט און מיעד
עס שמעקט די לופט מיט טומאה און מיט טייפעלישען שוייס
און שטיקער חמארע קריכען, טאפען גרויזאם אין דער פינסטער,
גאנצע בערג מיט מרה־שחורה...
עס פליהט צום הימעל א נשמה. קיינער רוימט דעם וועג
גאט אליין ער דרעמעלט... פערשלאפענע מלאכים
גענעצען און ציעהען זיך און שליסען אויף די טיהרען
עס שיט מיט בליצען פון די שליסלען,
די הימעל־שלעסער דונערען מיט צאר׳ן,
אומצופרידענע מלאכים גענעצען און וואָרטשען:

— „קְרִיךְ שוין, קְרִיךְ שוין אֶבְיוֹנִתְ׳ע, גִיכֶער שְׁמוּצִיגֶע!
מִיט וֶועמֶען שְׁלֶעפְּטְ׳ס זִיךְ דָארְט אַרוּם!"
און עֶס פְּלַאטֶערְט דִי נְשָׁמָה, דִי פֶערוֶועלְקְטֶע:
דָארְט אוֹיבֶען וַוארְט אוֹיף אִיהְר אַ אוּמֶערְבַּארֶעמִיגֶער גָאט
אַ מִשְׁפָּט־שְׁטוּהל, אַ שְׁוַוארְצֶע און אַ שְׁטוּמֶע...
און דֶער טַייפֶעל הַאלְט זִי פֶּעסְט פַאר אֵיין צוּפְלִיקְטֶען פְלִיגֶעל,
לַאכְט אִיהְר גְלַייךְ אִין פָּנִים: „הֶער! —
דוּ בִּיסְט שוין מַיינְ׳ס אוֹיף אֵייבִּיג, מַיינְ׳ס אוֹיף אֵייבִּיג...
און אִיךְ דַיין הֶערר, אִיךְ הֵייס דִיר: גֶ עה אַ ר וֹ יף
גֶעה גַנְבְ׳ע דָארְט פוּן אוּנְטֶער גָאטְ׳ס־שְׁטוּהְל —
לִיכְט פוּן אוֹר־הַגָנוּז, שְׁטְרַאהלֶען פוּן גָאטְ׳ס פָּנִים,
פוּן אַלֶעס הֵיילִיגֶע און וַוייכֶע וָואס גֶעפִינְט זִיךְ דָארְטֶען, גַנְבְ׳ע!
שְׁלִינְג זֵיי אַיין, פֶערְבָּארְג זֵיי אִין דַיין שְׁוַוארְצֶער הַארְץ
און בְּרֵיינְג אַרָאפּ אוֹיף דֶר׳עֶרְד!
פוּן אַ זֶעלְכֶע שְׁטְרַאהְלֶען פְלֶעכְט דֶער אַשְׁמְדַי אַ קְרוֹין;
און אַז דִי קְרוֹין וֶועט וֶוערֶען פֶערְטִיג, דַאן
וֶועט אַשְׁמְדַאי אַלֵיין אַרוֹיף גֶעהְן אוֹיפֶ׳ן הִימֶעל..."
און עֶס מוּטְשֶׁעט זִיךְ דִי זֶעלֶע, גָאט אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ,
דֶער טַייפֶעל אִיז נָאךְ גְרוֹיזַאמֶער פוּן אִיהְם...
און פֶערְקְרִיצֶענְדִיג דִי שְׁוַוארְצֶע הַאלְב־צוּפוֹילְטֶע צֵיין
שְׁמֵייכֶעלְט זִי צוּם טַייפֶעל מִיט עֶקֶעל און חֲנִיפָה:
— „אִיךְ וֶועל עֶרְפוּלֶען וָואס דֶער אַשְׁמְדַי בֶּעפֶעהלְט
וָואס אַלֶע פֶערְפְלוּכְטֶע שֵׁדִים הֵייסֶען טְהוּן...
נוּר לָאז מִיךְ אָפּ, נוּר לָאז מִיךְ אָפּ..."
עֶס שְׁמֶעקְט דִי מִיעדֶע לוּפְט מִיט טֵייפֶעלִישֶׁען שְׁוֵייס
שְׁטִיקֶער חֲמָארֶע טַאפֶּען קְרִיכֶען גְרוֹיזַם אִין דֶער פִינְסְטֶער,
גַאנְצֶע בֶּערְג מִיט מְרָה־שְׁחוֹרָה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אוֹיף דֶער עֶרְד דָארְט פְּלַאצְט אַ סְטְרוּנֶע... און אַ קְרֶעכְץ...
— פוּן וַואנֶען אִיז דֶער קְרֶעכְץ?
אַ גֶעפַאלֶען פְרוֹי אִיז אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען...

וואַרשא. ז. שניאור.

# צו זענען אַלע „פּועלי ציון“ ציוניסטען?

צווישען די פֿערשיעדענע מיינונגען, וואָס זענען די לעצטע צייט אַרויסגעזאָגט געוואָרען אין אונזער ליטעראַטור וועגען דער געגענוואַרטס אַרבייט פֿון די „פּועלי ציון“, קענען מיר בעמערקען אַז מעהר פֿון אַלעם בעשעפֿטיגט אונזערע ציוניסטען אין דעם פּראָגראַם (ווען עס איז בכלל מעגליך איצט צו רעדען פֿון אַזאַ פּראָגראַם) פֿון די „פּועלי ציון“ דער פּונקט וועגען דער בעטייליגונג אין דעם פּאָליטישען לעבען פֿון די אַרומעדיגע פֿעלקער.

דאָס לעבען, וועלכעס וויל זיך ניט רעכענען מיט די „טיעפֿזיניגע“ טהעאָריען פֿון אונזערע ציוניסטישע „טהעאָרעטיקער“, האָט געבראַכט די „פּועלי ציון“ צו דער פֿעסטער איבערצייגונג, אַז דאָס פּאָליטישע לעבען פֿון די אַרומעדיגע פֿעלקער קאָן פֿאַר זיי בשום אופן ניט גלייכגילטיג בלייבען — און ניט נור דערפֿאַר, ווייל זיי זענען אַלס אַרבייטער פֿעראינטערעסירט אין דיעזעם לעבען, נור ווייל זיי זענען אויך אַלס יודען און אַלס ציוניסטען פֿעראינטערעסירט אין איהם. די געדאַנקען ענטוויקלונג פֿון די פּועלי ציון איז אויף פֿאָלגענדעם אופן פֿאָרגעקומען: דער ציוניזם, האָבען די ערשטע „פּועלי ציון“ מיט רעכט געטענהט, איז אַ היסטאָרישער פּראָצעס, וואָס פֿאָדערט אַ לאַנגע היסטאָרישע אַרבייט, און דער יודישער אַרבייטער קאָן ניט לעבען נור מיט האָפֿנונגען אויף לעתיד לבוא, ער מוז זיך דערפֿאַר פֿערנעמען מיט „געגענוואַרטסאַרבייט“. ווי באַלד זיי זענען אָבער צוגעטרעטען צו דער „געגענוואַרטס אַרבייט“ האָט זיך פֿאַר זיי געעפֿענט אַ נייע וועלט, וועלכע זיי האָבען פֿריהער ניט געזעהן, און זייער בעגריף פֿון „געגענוואַרטסאַרבייט“ האָט זיך פֿערברייטערט און פֿערטיעפֿט, און ניט נור פֿון דעם פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט נור אויך פֿון דעם ציוניסטישען שטאַנדפּונקט. זיי האָבען פֿערשטאַנען, אַז זייער פּראַקטישע אַרבייט, וועלכע ווערד אָנגערופֿען „געגענוואַרטס אַרבייט“, טאָר ניט טראָגען דעם האַראַקטער פֿון אַ אַרבייט נור פֿאַר היינטיגען טאָג, נור זי מוז אָננעמען אַ פֿאָרבערייטונגס און איבערגאַנגס חאַראַקטער — זי מוז פֿאַר זיי, אַלס פֿאַר ציוניסטען און פֿאַר אַרבייטער, דיענען אַלס פֿאָרבערייטונג און איבערגאַנג צו אַ נייעם לעבען. זענען זיי געקומען צו דיעזער איבערצייגונג, האָט פֿאַר זיי געמוזט קלאָר ווערען, אַז זייערע אינטערעסען קענען ניט אינגאַנצען אָבגעזאָנדערט ווערען פֿון דעם גאַנצען פּאָליטישען לעבען פֿון די פֿעלקער, צווישען וועלכע מיר וואָהנען — און ניט נור דערפֿאַר, ווייל זייערע אַרבייטער אינטערעסען זענען פֿעסט צוזאַמענגעבונדען מיט דיעזעם לעבען, נור ווייל אויך זייערע ציוניסטישע אינטערעסען זענען פֿון איהם

אַבהענגיג. מיר ווילען דאָס מיט איינינע ווערטער ערקלערען: דער ציוניזם, האָבען מיר פֿריהער געזאָגט, איז אַ היסטאָרישער פּראָצעס: דער סאָציאַלער מצב פֿון דעם יודישען פֿאָלק פֿיהרט אונז צו דער פֿערווירקליכונג פֿון דעם ציוניזם, ער מאַכט די טעריטאריאלע בעפֿרייאונג פֿון דעם יודישען פֿאָלק פֿאַר אַ ה י ס ט אָ ר י ש ע נ ו י ט - ו ו ע נ ד י ג ק י י ט. די אויפֿגאַבע פֿון דער ציוניסטישער בעוועגונג בעשטעהט אין דעם, אַז זי זאָל דיעזעם פּראָצעס רעגולירען, זאַמלען פֿאַר איהם די נייטיגע כחות, אויפֿמונטערען און אַרויסרופֿען דעם פֿאָלקס ווילען און ריכטען אויף איהם דיעזעם פּראָצעס, בקצור צו בעלעבען דאָס פֿאָלק כדי ער זאָל פֿעהיג זיין דיעזעם פּראָצעס צו פֿערגיכערען און אויסצופֿיהרען. פּאָליטיש צו ענטוויקלען און צו מאָבילזירען די נאַציאָנאַלע כחות פֿון דעם יודישען פֿאָלק איז אַלזאָ איצט די וויכטיגסטע אויפֿגאַבע פֿון דער ציוניסטישער בעוועגונג. אַז די מעגליכקייט פּאָליטיש צו ענטוויקלען און צו מאָבילזירען אונזערע נאַציאָנאַלע כחות איז אַבהענגיג פֿון דעם פּאָליטישען לעבען פֿון דעם פֿאָלק, צווישען וועלכען מיר לעבען, מוז קלאָר זיין פֿאַר יעדען דענקענדען מענשען — עס פֿערשטעהט זיך פֿון זעלבסט. אַז אין אַמעריקא קענען די יודען (צו נוצען זיי אויס דיעזעם קענען, איז אַ אַנדער פֿראַגע) לעבען מיט אַ אינטענסיווער נאַציאָנאַלען לעבען אַלס אין גאַליציען, א. ז. וו. דער ענטוויקלונגס־גאַנג פֿון דעם ציוניזם איז אַלזאָ אַבהענגיג פֿון „דעם פּאָליטישען לעבען פֿון די ארומעדיגע פֿעלקער און פֿון דער שטעלונג, וואָס מיר פֿערנעמען אין דיעזעם לעבען. פֿאָלגליך די בעטייליגונג אין דעם פּאָליטישען לעבען פֿון די ארומיגע פֿעלקער, אָדער, ווי מיר ווילען דאָס קורץ אַנרופֿען, די פּאָליטישע אקטיוויטעט איז א ו י ך פֿון דעם ציוניסטישען שטאַנדפּונקט נויטווענדיג, — מיט דער איינציגער פֿאָראויסזעצונג, געוועהנליך, אַז דיעזע פּאָליטישע אקטיוויטעט זאָל טראָגען אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער".

מיר זעהן אַלזאָ, אַז די פֿראַגע וועגען דער פּאָליטישער אקטיוויטעט איז קיין „פּועלי ציון" פֿראַגע, זי איז אַ אַלגעמיינע ציוניסטישע פֿראַגע און די יעניגע, וועלכע קוקען אויף דעם ציוניזם ניט ווי אויף אַ ספּעקולאַציע, ביי וועלכער מע קאָן שפּיעלען „וואַ באַנק", נור ווי אויף אַ היסטאָרישען פּראָצעס, מוזען קומען צו דערזעלבער החלטה ווי די „פּועלי ציון".

אַנדערש מיינט אָבער דר. וואָרטסמאַנן [1]). אונטער דעם „גרונדגעדאַנק פֿון דעם ציוניזם" פֿערשטעהט ער „פּשוט, אַז די יודען זאָלען פֿון די לענדער אַ ו ו ע ק ג ע ה ן (אונטערגעשטריכען פֿון דר. וואָרטסמאַנן) און דורך דעם אַוועקגעהן זאָלען זיי אויפֿהערען צו זיין פֿרעמד'ע" (שווין צו פּשוט'לעך!) אַלזאָ דער ציוניסטישער פּראָצעס הויבט זיך פֿאַר דר. וואָרטסמאַנן אָן מיט דעם „אַוועקגעהן" און ענדיגט זיך דערמיט, וואָס „ער (דער ציוניזם) מוז פֿאַר זיי (פֿאַר די אַוועקגעהענדע) אַנ'אָרט בעשאַפֿען, וואוהין די אַלע זאָלען איינוואַנדערען". דיעזע „בעגרינדונג" (!?!) פֿון דעם ציוניזם ברענגט דר. וואָרטסמאַנן צום געדאַנק, אַז „דער רצון אַליין" צו באַקומען וואָסערע [2]) עס איז נאַציאָנאַלע פֿרייהייט אין די גלות לענדער „איז ניט ציוניסטיש". אַ איינליכע

---

[1]) „צו זענען אַלע „פּועלי ציון" ציוניסטען? „די יודישע צוקונפֿט", ערשטער יאהרגאנג, העפֿט V-VI 1904.

[2]) דער וואָס האָט מיין אַרטיקעל אויפֿמערקזאַם געלעזען, וועט מיר ניט קענען נאַכווייזען, אַז איך האָב דאס געזאָגט. נור, איך האַלט ניט פֿאַר נייטיג זיך דאַרויף דאָ אָפּצושטעלען.

„טהעאָריע" שטעלט אויך אויף דר. ד. פאסמאניק [1]). דער גאַנצער געדאַנק פֿון דעם ציוניזם, זאָגט ער, בעשטעהט אין דעם וואָס פֿערבינדט די יודען פֿון דער גאַנצער וועלט און מאַכט זיי פֿאַר א י ן נאַציאָנאַלען ארגאניזם. וועלכער האָט זיינע אייגענע אידעאַלען און שטרעבט צו אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען און האָט אַלזאָ אַ אַ ל־ געמיינע פּאָליטיק. וועלען מיר אָננעמען דאָס פּרינציפּ פֿון דער פּאָליטישער אַקטיוויטעט, ביי וועלכער די יודען פֿון יעדער לאַנד מוזען פֿיהרען אַ באַזונדער פּאָליטיק, ווידערשפּרעכען מיר דערמיט. מיינט דר. פאסמאניק, דעם גרונדגעדאַנק פֿון דעם ציוניזם. און דערפֿאַר וויל ער, וועלכער קוקט אויך אויף דער פֿראַגע פֿון דער פּאָליטישער אַקטיוויטעט ווי אויף אַ פֿראַגע, וואָס אינטערעסירט נור די פּועלי ציון אַז „דאָס ניט בעטייליגען זיך אין דעם פּאָליטישען לעבען פֿון די ארומיגע פֿעלקער זאָל ווערען דער גרונד פּרינציפּ (?) פֿון די „פּועלי ציון".

די „טיעפֿקייט" פֿון דיעזער נייער „טהעאריע" איז ניט שווער צו ערקענען. לויט דיעזער טהעאריע קומט אויס.ר אַדער ציוניסטישער געדאַנק שטעהט אין דעם גרעסטען ווידערשפּרוך מיט דער גאַנצער יודישער ווירקליכקייט. נאָך פאסמאניקען קומט אויס: ווי באַלד מיר וועלען מודה זיין, אַז אונטער די יודען געפֿונען זיך גרופּען מיט פֿער־ שיעדענע אינטערעסען, לייקענען מיר אָב דעם גאַנצען נאַציאָנאַלען געדאַנק. כדי מיר זאָלען אָבער בלייבען „אמת'ע" ציוניסטען, מוזען מיר פֿערדעקען די אויגען אויף דער גאַנצער יודישער ווירקליכקייט.

צו פֿערשטעהן, אַז אַזאַ מין ציוניזם האָט אין זיך קיין טראָפּען לעבענספֿעהיג־ קייט דאַרף מען גאָר קיין טהעאָרעטיקער ניט זיין. און דורך דעם, וואָס דר. פאסמאניק רעדט פֿון אַ באַזונדער ו ע ל ט ־ אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע פֿון אַלע יודישע אַרבייטער, אַנערקענט ער אַז די יודישע אַרבייטער, אַלזאָ אַ גרופּע יודען, האָבען זייערע בעזונ־ דערע אינטערעסען (האָטש תוך כדי דבור בעמיהט ער זיך צו בעווייזען, אַז די יודישע אַרבייטער האָבען פֿאָרט קיין בעזונדערע אינטערעסען; און אינטערוועגנס מאַכט ער אין איין „שמע ישראל" אַ תל פֿון דער גאַנצער קלאַסען טהעאָריע). און דורך דיעזער אַנערקענונג איז ער סותר זיין גאַנצע „טהעאָריע".

צום גליק איז דאָס אָבער ב ש ו ם א ו פֿ ן ניט די אויפֿגאַבע פֿון דעם ציוניזם צו פֿערדעקען די אויגען אויף די געגענזעצען וואָס עקסיסטירען צווישען פֿערשיעדענע גרופּען פֿון דער יודישער נאַציע; אויך אין דעם ציוניזם אַליין זענען ניט אַלע יודען אין דעם זעלבען גראַד פֿעראינטערעסירט, און די סבות, וואָס האָבען אַרויסגערופֿען דעם ציוניזם צווישען פֿערשיעדענע טיילען פֿון דעם יודענטום זענען אויך ניט איינע און די זעלבע — דעם דייטשען יודען ברענגען גאַנץ אַנדערע סבות צום ציוניזם, אַלס דעם יודען פֿון דער „טשערטא", און דעם יודישען אַרבייטער אַנדערע, אַלס דעם יודישען בעל הבית — און דערפֿאַר קאָנען אויך די פֿ אָ ר מ ע ן אַפֿילו פֿון דער צ י ו נ י ס ט י ש ע ר אַרבייט אין דייטשלאַנד און אין דער „טשערטא", אונטער די אַרבייטער און צווישען די בעלי בתים ניט תמיד זיין איינע און די זעלבע, חאָטש זיי

איך וואָלט נור געוואונשען, אַז עס זאָלען זיך וואָס מעהר פּ ו ע ל י ־ צ י ו ן אין דיעזער דיסקוסיע בעטייליגען. איך וועל ד אַ ן ערשט אַ אויספֿיהרליכע תשובה געבען.

דר. י. וו.

[1]) *„Сіонизмъ и еврейская народная масса", Еврейская Жизнь, Октябрь 1904*

אַלע קאָנען צוזאַמען אַרבייטען פֿאַר דעם אַלגעמיינעם ענדציעל. און אויס דיעזעם גרונד ליעגט צווישען דער פּאָליטישער אַקטיוויטעט, וואָס האָט אין יעדער לאַנד איהרע פֿאָרמען, און דעם ציוניסטישען געדאַנק, וואָס פֿאָדערט אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, קיין שום ווידערשפּרוך. דר. פּאַסמאַניק פֿערשטעהט אָבער ניט דעם חילוק צווישען פֿאָרמען און פּרינציפּיען. אין פּרינציפּ מוז די פּאָליטישע אַקטיוויטעט ווערען אַ פּונקט פֿון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער פּאָליטיק: די אַלגעמיינע ציוניסטישע פּאָליטיק פֿאָדערט, אַז די יודען זאָלען ענטוויקלען זייערע נאַציאָנאַלע כחות, זייער נאַציאָנאַלען ווילען, זיי זאָלען זיך פּאָליטיש ענטוויקלען, פֿערשטאַרקען זייער פּאָליטיש נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין און פֿערגרעסער'ען זייערע פּאָליטישע ווירקונג. די פֿאָרמען אָבער פֿון דער אַרבייט, דורך וועלכע דאָס אַלעס איז מעגליך דורכצופֿיהרען, איז אָבהענגיג פֿון יעדער לאַנד באַזונדער, וואו יודען וואָהנען.

די פּאָליטישע אַקטיוויטעט דיענט אַלזאָ אַלס איבערגאַנגס שטופֿע צו דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער פֿרייהייט, צו דעם פֿערווירקליכטען ציוניזם. און דאָס קאָנען בשום אופֿן ניט פֿערשטעהן וואָ־טסמאַן און פּאַסמאַניק. פֿאַר זיי איז די פּאָליטישע אַקטיוויטעט אונבעדינגט אַ זעלבסטצוועק ד. ה. זיי מיינען, אַז די יעניגע, וואָס טרעטען אויף פֿאַר דער בעטייליגונג אין דעם פּאָליטישען לעבען פֿון די אַרומעדיגע פֿעלקער, מוזען פֿערבינדען דעם יודישען גורל מיט דעם גורל פֿון יענע פֿעלקער — מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס: זיי מוזען פֿיהרען אַ אַסימילאַטאָרישע פּאָליטיק. און דיעזע פּאָליטיק, טענה'ן זיי, איז חוץ דעם, וואָס זי איז אַנטיציוניסטיש, ברענגט זי אויך ניט צום געוואונשטען צוועק, והא ראיה: אומעטום וואו די יודען האָבען געקעמפֿט צוזאַמען מיט די איבריגע פֿעלקער פֿאַר אַ פֿרייערען עתיד האָט דיעזער עתיד זיי גאָר ניט, אָדער כמעט גאָר ניט געבראַכט.

לכתחלה בעוויזט זיך דיעזער גרונד אַלס זעהר אַ וויכטיגער. פֿערטראַכטען מיר זיך אָבער אַביסעל מעהר אויף איהם, זעהען מיר ווי פֿאַלש ער איז: די פּאָליטישע אַקטיוויטעט פֿון די מערב אייראָפּעאישע יודען האָט זיי גראַדע דערפֿאַר אַזוי וועניג געבראַכט, ווייל פֿאַר זיי איז זי תמיד געווען פֿערבונדען מיט זייערע אַסימילאַטאָרישע שטרעבונגען; זיי האָבען דורך איהר געוואָלט לעזען די יודען פֿראַגע, זיי האָבען זיך תמיד בעטייליגט אין דעם פּאָליטישען לעבען ניט אַלס יודען, זיי האבען געקעמפֿט אונטער פֿרעמדע פֿאָהנען און נור פֿאַר פֿרעמדע פֿאָדערונגען; זיי האָבען פֿערשטאַרקט די פּאָליטישע מאַכט פֿון אַנדערע, זיי אַליין אָבער, אַלס יודען, האָבען מיט זיך קיין שום פּאָליטישע מאַכט ניט פֿאָרגעשטעלט — אין די פּאַרלאַמענטען טרעטען זיי קיינמאָל ניט אויף אַלס יודען און דערפֿאַר רעכענט מאַן זיך מיט זיי ניט. דיעזער סאָרט פֿון „פּאָליטישע אַקטיוויטעט" האָט אָבער שוין ביי אונז באַנקראָטירט. דאָס גאַנצע יודישע לעבען אין די לעצטע יאָהרען, דער נאַציאָנאַלער געדאַנק און די ציוניסטישע בעוועגונג זענען ניט אַריבער געגאַנגען פֿאַר אונז אהן אַ שום ווירקונג. און די פּאָליטישע אַקטיוויטעט, וואָסערע עס רוקט זיך אַצונד אַרויס פֿון צווישען דער יודישער מאַסע, טראָגט אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער: ניט אונטער פֿרעמדע פֿאָהנען געהן מיר אַצונד אַרויס, נור אונטער דער איינענער נאַציאָנאַלער פֿאָהן; ניט נור אונטער אַלגעמיינע פֿאָדערונגען, נור אויך אונטער אייגענע, ריין יודישע פֿאָדערונגען; ניט נור בדי צו פֿערשטאַרקען די פּאָליטישע מאַכט פֿון אַנדערע, נור אויך כדי אַרויס־

צושטעלען און צו פערשטארקען אונזער נאציאנאלע פאליטישע מאכט, און ניט אין דעם נאמען פון דער יודישער אסימילאציע נור אין נאמען פון דער נאציאנאלער ענטוויקלונג! אזא מין פאליטישע אקטיוויטעט ברענגט א פאליטישע מאכט, מיט וועלכער מע רעכענט זיך, זי פיהרט אונז צו אונזער ענדציעל — צום ציוניזם.

און דערפאר ענטפערן מיר אויף ווארטסמאנ'ס שאלה: צו זענען אלע „פועלי ציון“ ציוניסטען? — זיי זענען די וועגווייזער פון דעם ציוניזם! [1]

„דורך דער פרייהייט צו דער פרייהייט“ איז ניט נור א שיינע פראזע פאר ציוניסטישע פראגראמען, נור א לעבענס בעדינגונג פאר דעם גאנצען ציוניזם.

Citoyen

---

[1] מיר רעכענען זיך דא ניט מיט איניגע פאלשע טהעאריען פון די „פועלי ציון“, אונטער אנדערעם מיט זייער טעריטאריאליזם, מיר זענען איבערצייגט, אז דאס לעבען און זייער געזונדער פראלעטארישער אינסטינקט וועט זיי אין גיכען בעפרייען פון דיעזע טהעאריען.
C

# פאלקס מאטיוו.

I.

דִי בֵּיימַאלִיךְ גְרִינֶען, דִי צְוֵויינַאלִיךְ בְּלִיהֶען,
נוּר אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אָבְּגֶעבְּלִיהְט לַאנְג —
דִי בְּלֶעטַאלִיךְ רוֹישֶׁען, דִי פֵייגַאלִיךְ שְׁפִּיעֶלֶען —
מִיר אֵיינֶער אִיז טְרוֹירִיג אוּנ בַּאנְג.

II.

מֵיין הַארְץ הָאט אַמָאל וִוי א בְּלוּמֶעל גֶעבְּלִיהְט,
אוּנ סְ'הָאט וִוי אַ פוֹיגֶעל גֶעזוּנְגֶען;
אוּנ אָבְּגֶעבְּלִיהְט הָאט עֶס, אוֹיף אֵייבִּיג פֶּערְשְׁטוּמְט,
אוּן סְ'וִויל נָאךְ פַאר וֵוייטָאג צוּשְׁפְּרִינְגֶען —

י. ל. פרץ.



# אַ נאַכט אין זאַקאָפּאַנע.

(אַ בילד).

---

עס איז געוועזען אַ רוהיגער זאַקאָפּאַנער פֿאַרנאַכט אין ווינטער. די זון האָט געבלאַנדזשעט צווישען די הויכע בעשנייטע בערג־שפּיצען. און דעם געוואַנ׳ס קאָרק צו מורח צו האָט זיך אַזוי געבאָדען אין פֿייער, אַז די ערשטע מינוט האָט עס נעמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי אַ ים פֿון זון־שטראַהלען וואָלט זיך געגאָסען פֿונ׳ם „געוואַן" אַראָב. די בוימער אין וואַלד, פֿערטינקעלט אין דעם געהיימניספֿולען שאָטען, זענען בעלעגט פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס מיט קישעלעך שניי — ווי זיי וואָלטען מגולגל געוואָרען אין עפּיס משונה מאָדנע בריות. דער וואַלד איז מגולגל געוואָרען אין איין אַלטען ווייסען שניי־זיידע, וואָס ברענגט ביימערליך פֿאַר די קינדער׳ס וועגען. דאָ און דאָרט האָט אַ טונקעל בעגראָזטער שטאַם־וואָרצעל געשאָטעלט זיך אין זינגענדיגען שניי וואַלד. דאָ און דאָרט האָבען צווישען אין שניי פֿערפֿלאָכטענע צווייגען אָבגעריסענע זון־שטראַהלען פֿערוועבט זיך און געשפּיעלט צווישען איין בוים און צווייטען. אויף די ליכט פֿלעקען האָבען זיך פֿערשאָטעלט דעם שכנ׳ס פֿערקרייזעלטע קאָפּ. אין מיטען סוד פֿון וואַלד זינקט דאָס טייכעל וואָס קומט זיך אָנצוניסען פֿון די בערגער אָן—פֿערציילענדיג אַ ווילדע גזלנים־מעשה, וואָס טהוט זיך אין די פֿערלאָזטע בערגער — צווישען די ביימער ווייזען זיך די פֿערשנייטע פֿעלדער — איין שניי־בייט פֿערבלאָנדזשעט אין די צווייטע, איין שניי פֿלעק פֿערשאָטעלט אין דעם צווייטען. די שניי־דעכליך פֿערשעמען מיט זייער בלאַסק די שניי פֿעלדער. איינזאַמע ביימערליך נייגען זיך צו דער זון. אין שניי שטעהט אַ הויכער גאָראַל מיט אַ לאַנגע פּאַווע־פֿעדער אין קאַפּעליש — און עס דאַכט זיך פֿון דערווייטען אַז ער טרעט אויף ווייסע, זינגענדיגע, נאַקעטע לייבער פֿון נאָך אונשולדיגע יונגפֿרויען...

צווישען די בערגער האָט זיך אָנגעהויבען צו פֿערנעפּעלן, ווי אין די בערגער וואָלט אַ כהן קרבנות מקריב געוועזען; און דער רויך האָט זיך נעצויגען, געוועבט,— אָבגעריסען זיך — און פֿערבלאָנדזשעט זיך אין ווייטען רייכען שטח — פֿערנעפּעלט זיך אום אַנאַנדערן באַרג, ווייטער זיך געוועבט געצויגען, געצויגען לאַנגע פֿערנעפּעלטע פֿעדעם, אָבגעריסען זיך — און ווייטער זיך פֿערבלאָנדזשט אין אַנאַנדערן שטח — שטעהן געבליבען און ווייטער זיך פֿערנעפּעלט, און געצויגען און געבלאָנדזשעט —

אַרום געוועבט אַ צווייטען באַרג. עס שטאַרען אַרויס די בערג־שפּיצען פֿון די אַרום געוועבטע נעפּעלן און זעהען אויס ווי פֿערלאָזטע חרוב׳דינע באַשנעס, ווי קע־מען פֿערלאָזטע פֿון חרוב׳דינע שלעסער — און איבער זיי דער הויכער שטערן פֿון „געבאַנטס" קאָפּ, אַרויס שטאַרענד׳ג פֿון אַרום־געוועבטען שוואַרצען נעפּעל. אויף יענער זייט בערג מוזען וועלטען ברענען, וועלטען הימעלס און נעטער — גאַנצע ימים שוואַרצער רויך דישעט זיך צווישען די צוויי שפּיצען פֿון „געבאַנט" און „טשערוואָנע ווירך". — דער אוצר הרוחות איז געוואָרען געעפֿענט און בלאָזט אין ים רויך. איין וואָלקען קריכט אין צווייטען אַריין מיט׳ן קאָפּ און שטיקט זיך אין איהם, געהט דאָך נישט ווייטער — נאָר אַלע וואָלקען׳ס האָבען זיך צוזאַמען געקאָפּיעט, ווי אַ ים וואָס וואָלט מגולגל געוואָרען אין רויך — און אַלע ווינדען בלאָזען אין איהם, שאַלען די וואָלקעס צו פֿעריאָגען. זיי האַלטען צווישען זיך מלחמה — די וואָלקעס און דער ווינד — איינער שטיקט זיך אין צווייטען דישעט זיך און דישעט זיך און ריהרט זיך נישט פֿון אָרט. אַז עס דאַכט זיך אין אַ לאַדע מינוט, ועט די וועלט פֿערטויבט ווערען, וועט די וועלט איינגעזינקען ווערען — וואָרים דער געוואַנט מיט אַלע בערגער וועלען צו „באָרזשעט" ווערען...

און דער נעפּעל האָט זיך געצוינען פֿון זיך און אין זיך, איין שטיק נעפּעל איז אין צווייטען מיט׳ן קאָפּ אַריין — געוועבט זיך, געצוינען און אָבגעריסען זיך, און ווידער זיך בעהאַפֿטען אין אַ צווייטער נעפּעל, און ווייטער זיך אָבגעריסען — אַזוי, אַז עס האָט געוועבט אַ פֿאָרהאַנג פֿון הימעל ביז צו די ערד צו פֿערשטעלען די בערגער פֿון מענשענס אויגען —, אַז מען זאָל נישט זעהן, וואָס טהוט זיך אין זיי. — דאָ און דאָרט האָט נאָך אַ שפּיץ באַרג צוריסען דעם געוועבטען פֿאָרהאַנג און געקוקט אין די וועלט אַריין פֿאַר׳ן אַוועקגעהן; נור די בערגער האָבען ערגיץ וואו געזינקען — געזינקען אין זיך אַריין, פֿערלוירען זיך צווישען נעפּעלן און וואָלקען — באַלד מען האָט שוין גאָר נישט געזעהן, ווי עס וואָלט קיינמאָל דאָ קיין בערגער נישט געווען, אָבער זיי זענען אין די ערד איינגעזינקען געוואָרען — אָבער זיי זענען אין אַנאַנדער וועלט אַוועק געגאַנגען, אין דער וועלט פֿון וואַנען זיי זענען אָנגעקומען צו אונז, פֿאַר אַ פֿרעמדען גאָט מתודה צו זיין — פֿאַר אַ פֿרעמדען בית־דין של מעלה רעכענונג אָבצוגעבען...

און דער הימעל האָט זיך אין עק וועלט געשפּאַלטען אין זיך אַריינגענומען די זון: איהר גין־גאָלדענער שיין — האָט זיך געטינקט אין די טיעפֿעניש פֿון הימעל — און דער לעצטער גאָלדענער בליאַסק האָט צווישען די וועלען־וואָלקען געחלש׳ט.

און נאַכט איז געווען. קיין בערגער, אפילו זייער שאָטען האָט מען נישט גע־זעהען — דער נעפּעל ווי אַ פֿאָרהאַנג איז געהאָנגען איבער זיי, נור די נעפּעל איז אַזוי שוואַרץ געווען און אַזוי אימה׳דיג, אַז מען האָט געוואוסט, אַז דאָרט הינטער איהם, מוז זיך עפּיס טהון... מוזען וועלטען זיך מיט׳ן קאָפּ קאַפּויר שטעלען — וועלטען בויען זיך און וועלטען ליינען זיך איין — און אַ אימה האָט זיך דאָרט געשטיקט, אַז עס האָט זיך געדאַכט אַ לאַדע מינוט און אַ קנאַק וועט געבען, אַז די וועלט וועט פֿערטויבט ווערען...

די נאַכט איז געווען אַ פֿינסטערע, ווי די וועלט וואָלט געווען פֿערזינקען אין אַ שוואַרצען שטייענדיגען טייך... אַ וואַרימער ווינד האָט פֿון די בערגער געבלאָזען —

און די צווייגען אין וואַלד האָבען געריוישט. געוויעט. אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען האָט דינע העלזליך פון קליינע קינדער צווישען טהירען אריינגעכאפּט און מען דישעט זיי און זייער נשמה גיעהט אויס מיט'ן לעצטען קרעכץ... דער ווינד האָט אין שטה פון די וועלטען געבלאָזען און אַלץ אַרום גענומען, צוזאַמען געקאָפּיעט און אַוועק געוואָרפען — און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די בערגער וואָס זענען אַמאָל אַ ים געוועזען — געהען צוריק ים ווערען — אָט שיקען זיי פאָראויס די ערשטע חוואַלעס, וואָס זענען נאָך פערגליווערט, מגולגל אין אַ ווינד... אין פינסטערער נעפּעל האָט אַ רעגען געקאַפּיעט. די ליכטליך אין די פענסטער פון די צוואָרפענע הייזער אין וואַלד זענען אויסגעגאַנגען ווי נשמות... נור נאָך דאָ און דאָרט האָבען זיך געמיטשעט די ליכטליך אין די לאַמטערן — וואָס האָבען אין נעפּעל געבילדעט אַ סילוועטקע פון דער גאַס — נור די לאַמטערן אין נעפּעל און רעגען האָבען דעם איינדריק געמאַכט ווי פערלאָזטע מענשען וואָס מוזען בשעת אין רעגען אויף די גאַס שטעהן.—ווייט אין נעפּעל האָט זיך דער געלער פלאַם פון די עלעקטערישע לאַמטער וואָס איז אין סענאַטאריום פון די סוחאָטניקעס זיך געפינקעלט. דאָס ליכט אין נעפּעל האָט זיך נעמיטשעט,— עס האָט זיך געטינקט אין נעפּעל,— געטינקט ווי אַ טראָפּען אין ים און געוועהרט זיך, נישט געלאָזט, נישט געוואָלט אויסגעהען — אָבשטאַרבען, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אז די נשמות פון די סוחאָטניקעס, וואָס זענען אין דעם סענאַטאָריום מוטשען זיך — פייניגען זיך אין נעפּעל —ווילען זיך דערהאַלטען—אָט צורייסט זיך אַ פּייף אין אויער— אַ קרעכץ אַ לעצטער.— און דאָס טראָפּען ליכטיגקייט טיקט זיך און טיקט זיך. צום טייוועל, זאָל עס דיר ווינד שוין איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויסלעשען.

צווישען די איינצעלנע נאָך ברענענדיגע לאַמטערן, וואָס האָבען געריסיוועט דאָס געסעל איז אַ פוהר געפאָהרען. אַ פוהר אַיינגעשפּאַנט אין אַ ווייס פערד. דאָס ווייסע פלעק, ווייזענדיג זיך אין טונקעלען נעפּעל האָט שרעק ערוועקט... די פוהר איז פול געוועזען מיט שיכורע נאַראַלעס און גוראַלקעס צוריק פאָהרענדיג פון אַ חתונה. זיי האָבען הויך געזינגען מיט שכור'ע קולות אַ ווילד גזלנים־ליעד — און אַ קול פון אוויינענדיג קינד אויף אַ פאָטערס האַנד האָט הויך צווישען די פערשכורטע טענער זיך געריסען — געוואָלט זיי איבערשרייען, אַז מען זאָל עס דערהערען. זיי זענען געפאָרען איבער'ן געסעל — צווישען די איינצעלנע נאָך ברענענדיגע לאַמטערן אַהין און צוריק — און הויך געזינגען זייער גזלנים־ליעד, און דאָס קינד־געוויין, האָט זיך געריסען צווישען די קולות — ווי זיי וואָלטען געוואָלט דעם נעפּעל פון די בערגער מיט זייערע קולות אָבריסען. — די פיהר איז געפאָהרען אַהין און צוריק איבער'ן געסעל — עס האָט זיך נאָר געוויזען ווי אַ ווייסער פלעק, ווי אַ שאָטען פון אַ טויטען לויפט אין טינקעלען נעפּעל צווישען די ברענענדיגע לאָמפען — נאָר וואָס אַמאָל זענען די קולות שטילער געוואָרען, דאָס קינד'ס קול שוואַכער געוואָרען, איינשלאָפענדיגער — און וואָס אַמאָל זענען די לאַמטערן פינסטערער געוואָרען — דער ווינד האָט איינע נאָך די אַנדערע אויסגעלאָשען — נור דער ווייסער פלעק פון ווייסען פערד האָט זיך איבער דעם געסעל ווי אַ שאָטען אַ הין און צוריק זיך געלאָזט — אָט הערען זיך נאָך די לעצטע אויסגעהענדיגע קולות פון די שכורים — דערהערט זיך נאָך דער לעצטער קרעכץ פון קינד, טינק זיך נאָך דער לעצטער טראָפּען פון דער לאַמטער אין נעפּעל — אין דער ווייסער פלעק גרויעט זיך — אַ

ווינד איז וויטענדיג דורך דער לופט אַ דורך געגאַנגען. דאָס פּינק ליכט פון דער איינזאמער לאַמטערן איז אויסגעגאַנגען — עס איז פערשטומט געוואָרען די שכורים'ס געזאַנג, דעם קינד'ס רייסען. און דאָס פערד איז אנגעקומען צו אַ אויסגעלאשענע לאָמפּ — און איז שטעהן געבליבען.

דעם וויסען קאָפּ האָט ער אין שטאָס פון דער לאָמפּ אָנגעלעהנט איינ־הארכענדיג זיך אין עפּיס...

ש. אַש.

# אַ זכר פון דער אינקוויזיציע.

(ענדע).

דער פּראָצעס פון דער אינקוויזיציע פלעגט זיך דאַרפען אָנהויבען אָדער 1) דורך אַן'אָפּענע מסירה, אָדער 2) דורך אַ געהיימע מסירה, אָדער 3) דורך אַ שפּיאָנישע אויספאָרשונג.

די אינקוויזיטאָרען פלעגען אויסמיידען די אָפּענע מסירה, כדי דער מוסר זאָל ניט דאַרפען געמשפט ווערען, אויב עס וועט זיך דערוויזען, אַז ער האָט אַן'אונ־שולדיגען געמסר'ט און כדי ער זאָל ניט ליידען פון דער נקמה פון דעם געמסרטען. דערפאַר פלעגען זיך כמעט אַלע פּראָצעסען אָנהויבען, אָדער פון אַ בעהאַלטענע מסירה, אָדער פון אַ שפּיאָנישע אויספאָרשונג.

דעם נאָמען פון מוסר, פון שפּיאָן און פון די עדות האָט מען דעם געמשפטען קיין מאָל ניט אָנגערופען, און דערמיט האָט מען ביי איהם אָבגענומען די מעגליכקייט צו שיצען זיך; אין בעסטען פאַל האָט מען איהם געגעבען רשות אויסרעכענען די נעמען פון זיינע שונאים, וועלכע לויט זיין מיינונג נאָך, קענען אויף איהם פאַלשע עדות זאָגען. דאָס האָט אָבער דעם גע'משפט'ן נאָך געשאַדעט, וואָרום אויב ער האָט פערגעסען איינעם רעכענען איז די עדות פון יענעם געווען פערעכענט פאַר געוויס.

מסר'ן איז געווען מחויב יעדער קריסט, וואָס פלעגט בעמערקען אויף איינעם אַ חשד פון אפּיקורסות; אויב עס פלעגט דערוויזען ווערען, אַז איינער האָט עפּיס בעמערקט אויף דעם אַנדערן, און האָט איהם ניט גע'מסר'ט האָט מען איהם פאַרע־כענט פאַר אַ בעזיצער פון אַפּיקורסות און מען האָט איהם אַליין פער'משפט.

אַ זוהן איז מחויב געווען צו מסר'ן דעם פאָטער, אַ מוטער—די קינדער, אַ פרוי—איהר מאַן; ווען איינער האָט נעלעכט עפּיס ניט ווי אַלע פרומע קאַטויליקער, איז ער שוין גערעכענט געווען פאַר אַ חשוד אויף אַפּיקורסות. בעת די ס ע ו ו י ל ע ר

אינקוויזיציע האָט זיך געגרינדעט. האָבען די אינקוויזיטאָרען אויסגעצייכענט 37 פּונקטען, וועלכע זאָלען דיענען פאַר אַ ראיה, אַז דער מאראַן, דער גע'שמד'טער יוד, האָט זיך אומגעקעהרט צו יודישקייט; אַזאַ קליינינקייט, ווי לייגען אַ ריין טישטוך אום שבת אויפ'ן טיש האָט שוין געדיענט פאַר אַ בעוויז, אַז דער מאראַן איז ווידער אַ יוד געוואָרען; דאָס וואַשען זיך איינינע מאָל אין טאָג האָט געדיענט פאַר אַ ראיה, אַז דער מאַרעסק, דער גע'שמד'טער מאַהאָמעדאַנער איז ווידער געוואָרען ניט טריי דעם קריסטענטהום. ווי נור מען האָט איינעם פערעכענט פאַר אַ חשוד אויף אַפּיקורסות האָט מען איהם אָהן שאלות ומענות געשלעפּט אין תפיסה.

מען קען זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ מהומה עס פלעגט ווערען אין דער פאַמיליע פון אונגליקליכען און צווישען זיינע בעקאַנטע, און אפילו צווישען מענשען, וועלכע פלעגען מיט איהם פיהרען מעהר ניט ווי מסחר־זאַכען. ערשטענס, פלעגען גלייך קומען די פיסקאַלען פון קעניג און פלעגען אָבשרייבען דאָס גאַנצע פערמעגען פון דעם אַרעסטירטען און האָבען מבטל געמאַכט אַלע זיינע געשעפטס־התחיבות, וואָס ער האָט געמאַכט אפילו אַ לאַנגע צייט ביז'ן אַרעסט; צווייטענס, האָט די פּראַקטיק דערוויזען, אַז דער הייליגער בית־דין האָט געהאַלטען יעדען אַרעסטירטען פאַר אַ מיטעל צו פערהאַפּען אַלע זיינע בעקאַנטע אין איהר נעץ.

דעם אונגליקליכען פלעגט מען לאָזען מאַטערען זיך אין תפיסה אין גרוליכען יאוש אַ לאַנגע צייט. ביז מען פלעגט צונויף קלויבען וועגען איהם „קלאָרע" ידיעות און מען פלעגט אויסהערען בעהאַלטענערהייט די עדות. אין תפיסה פלעגט מען קיינעם ניט אַריין לאָזען זעהען זיך מיט דעם אַרעסטירטען, נור אויב עס פלעגט זיך געפינען אַ בעקאַנטער זיינער, וואָס האָט געוואָלט אַ שפּיאָן ווערען, פלעגט מען איהם אַריין לאָזען און מאַכען אַ קונ'ץ ער זאָל בלייבען ביי דעם אַרעסטירטען דאָרט איבער אַ נאַכט, כדי ער זאָל איהם קענען אויספאָרשען. אויף גערעכט צו מאַכען האָט מען געדאַרפט האָבען עדות גאָר אָהן קיין שום פלעק, אַ קרוב פאַר אַ עדות האָט מען ניט צו גענומען, אָבער אויף צו פער'משפּט'ן האָט מען אָנגענומען די עדות פון אַ זוהן אויף אַ פאָטער, און פון אַ יודען אויף אַ קריסט; איינער פון די צוויי עדות, וואָס מען האָט געברויכט אויף צו קענען פער'משפּט'ן, האָט געמעגט זיין אַ מענש, וועלכער איז געוועזען פאַר'משפט פאַר פאַלשע עדות זאָגען.

ביי אַ זעלכע דינים איז קיין וואונדער, וואָס דער הייליגער בית־דין האָט זיך קיין מאָל געאירט, און איהם איז קיין מאָל כמעט ניט אויסגעקומען אַרויס לאָזען פריי אַנ'אַרעסטאַנט, ווארום ווער האָט דאָס ניט קיין שונאים, וועלכע זאָלען ניט אונטערהעלפען, אַז פאַלשע עדות זאָלען דעם אַנדערן בעגראָבען. פון דעסטוועגען פלעגט פאָרט אַ מאָל אין אַ שמיטה טרעפען, אַז מען פלעגט דעם אַרעסטירטען פריי לאָזען, נור דערביי פלעגט מען איהם געבען צו וויסען, אַז דער שווערד העננט פאָרט ביי איהם שטענדיג איבער'ן קאָפּ און מען גיט אויף איהם השגחה.

אַז די בעהאַלטענע חקירה ודרישה פלעגט זיך ענדיגען, פלעגט מען אָנהויבען דעם פערהער, דאָס אויספרעגען, דאָס נויטען צו מודה זיין זיך און אַרויס צו געבען די בעקאַנטע. צוערשט האָט דער אַרעסטירטער געמוזט שווערען, אַז ער וועט דער־צעהלען דעם גאַנצען אמת, סיי וועגען זיך, סיי וועגען אַנדערע, צו וועגען לעבענדיגע, צו וועגען טויטע. דערנאָך פלעגט מען איהם פאָרלעגען. ער זאָל זיך אָפען הערציג

מודה זיין און זאָל אָרויס געבען זיינע קרובים און גוטע־פריינד, און זאָל חרטה האָבען אויף אַלע זיינע חטאים, וועט איהם די „בארמהערציגע״ קירכע מוחל זיין און וועט איהם ניט אויסשליסען פון איהר מוטערליכען שויס, און וועט איהם מעהר ניט, ווי בעשטראָפען מיט איהר בארעמהערציגקייט. אויב דער אונגליקליכער האָט זיך גלייך ניט מודה געוועזען, איז זיין גורל געוועזען אַ שרעקליכער; דערביי האָט געקענט זיין צוויי פאַלען: אָדער דער הייליגער בית־דין האָט איהם שוין פון תחילה פער׳משפט אויף דעם גרונד פון דער חקירה־ודרישה, וואָס זי האָט געמאַכט בעהאַלטענערהייט דורך איהרע שפּיאָנען, דאַן האָט מען איהם צו געדעכענט צו דער קאַטעגאָריע פון די „איינגעשפּאַרטעסטע״ אפּיקורסים, און מען האָט איהם די שווערסטע שטראָף בעשטימט; אָדער עס איז ניט געוועזען אפילו פאַלשע עדות, אַז מען זאָל איהם אויף דעם סמך קענען פער׳משפט׳ן, דאַן פלעגען זיך אָנהויבען די עינוים־קשים. מען האָט דעם אונ־גליקליכען געזעצט אויף דער פאָלטער, מען פלעגט איהם פייניגען, הייסט עס, כדי ער זאָל זיך מודה זיין און זאָל בעקומען אַ מחילה. פריהער פלעגט ער דאַרפען אָבקומען אַ מין חבוט־הקבר, דעם גייסטיגען פיין פון די שפּאַנישע שטיק פון די אינקוויזיטאָרען. עמעריק און נאָך אַנדערע אינקוויזיטאָרען האָבען אָנגעשריבען גאַנצע שולחן־ערוך׳ס, ווי מען דאַרף זיך בענעהן ביים אויספרעגען. עמעריק הייסט, למשל, האַלטען ביי זיך וועלכע עס איז געשריבענע פאַפּירען און, מאַכענדיג זיך כלומרשט, אַז מען לייענט דאָקומענטען; בעת דער אפּיקורוס לייענט אָב די חטאים, וועלכע מען דאַרף אויף איהם אַרויף וואַרפען, פון פראָבע וועגען, זאָל מען פלוצלונג אַ וואָרף טהון זיך, ווי פער־וואונדערט און אויסשרייען: „ליגנער! אָט האָב איך שוואַרץ אויף ווייס, אַז דו זאָגסט שקר! אָדער מען דאַרף זיך אַזוי פיהרען: מען מאַכט אַ פּנים פון גרויס מיטלייד, און מען זאָגט צום אונגליקליכען אַנ׳ערך בזה הלשון: „קינד מיינעס! איך האָב אויף דיר זעהר רחמנות: דו וועסט מוזען זעהר לאַנג מאַטערן זיך אין תּפיסה. איך מוז אויף אַלאַנגע צייט אַוועק פאָהרען, ווען וועל איך קענען קומען — וויים איך אַליין ניט. עס קען זיין, אַז מיין געשעפט וועט מיך לאַנג אָבהאַלטען אונטער וועגס. און דו וועסט נעבעך איבער דיינע עקשנות מוזען לאַנג מאַטערן זיך״. אַזוינע שפּיאָנישע גאַנגען האָבען געמוסט גענונג גייסטיגע יסורים אָנטהון די אונגליקליכע: עס פלעגט געוויס טרעפען, אַז איינע פון די אונגליקליכע פלעגען ווערען גייסטיג קראַנק דערפון: זיי פלעגט זיך אָנהויבען דוכטען אַז זיי האָבען ווירקליך עפּעס חטאים און פלעגען דערצעהלען אויף זיך און אויף זייערע בעקאַנטע זאכען, וואָס עס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען.

אויב דער אַרעסטירטער פלעגט זיך פאָרט ניט מודה זיין, פלעגט מען אָנהויבען די פיזישע פיין; זי איז בעשטאַנען אין פאָנאַנדערציהען די אברים מיט פערשיעדענע טייוועלשע מאַשינען. דעם דאָזיגען מיטעל האָט די הייליגע אינקוויזיציע גע׳ירש׳נט ביי די רוימישע שופטים. עס איז ניט איהרע אַנ׳אייגענע המצאה, ווי דאָס איבעריגע אין איהר פראָצעדור; דאָך האָט זי אין דעם אויך אויס־געוויזען איהר בעזונדער פאַלשען כאַראַקטער.

עס איז געווען פעסט געשטעלט, אַז קיין בלוט טאָר מען ביים פייניגען ניט לאָזען און קיין טויט ניט מאַכען; מען פלעגט דאָס אבער פאָרט טהון, און דער גייסטליכער, וואָס האָט דאָס געטהון, האָט געדאַרפט עפּ״י דין פּסול צו כהונה ווערען;

נור דאָס דענסטמאָליגע קריסטענטהום האָט געהאַט אַ פאַרטיגע רפואה דער צו: מחילה האָט דערצו אויך געהאָלפען; מען פלעגט מאַכען אַ גאַנצע צערעמאָניע, ביי וועלכער מען פלעגט דעם גייסטליכען מוחל זיין די עבירה זיינע, און ער פלעגט ווייטער כשר ווערען.

ווייטער איז געווען אַ פעסטער דין, אַז דעם פיין דאַרף מען מעהר ניט ווי איין מאָל דורך־פיהרען; ווען אָבער דער קרבן האָט געקענט אַריבער־טראָגען פיין פיעל מאָל, האָט מען איהם ניט געוואָלט נאָך דעם ערשטען מאָל אַרויס לאָזען פון די הענד, און מען האָט געקריגען אַ תחבולה צו עובר זיין אויף דעם דין: מען האָט גאָט אונטער־גענאַרט; אין די פראָטאָקאָלען פלעגט מען פאַרשרייבען, אַז דער פיין האָט זיך אין מיטען איבערגעריסען, און אויף דעם סמך פלעגט מען פיעל מאָל פייניגען און פאַר־רעכענען אַלע איבער׳חזר׳ונגען פאַר אַ המשך פון דעם ערשטען מאָל.

ביים עצם משפט איז קיין רעכטע בעשיצונג פון אַדוואָקאַטען אויך ניט געווען. מען פלעגט אַפילו בעשטימען אַן׳אַדוואָקאַט; נור דאָס איז מעהר ניט, ווי אַ צערע־מאָניע געווען; צו שיצען, ווי עס דאַרף צו זיין האָט דער אַדוואָקאַט ניט געקענט.

ער פלעגט האָבען רשות צו רעדען מיט דעם קליענט נור פאַר די אויגען פון די אינקוויזיטאָרען; ווען די אינקוויזיטאָרען האָבען געהאַט אַ רצון צו פער׳משפט׳ן דעם קליענט זיינעם. האָט דער אַדוואָקאַט שוין געמוסט אָבזאָגען זיך פון דער בעשיצונג, און ווען אפילו זיי זענען נאָך געווען אין ספקות. האָט ער אויך פריי ניט געקענט שיצען, ווייל אויב סוף כל סוף האָט מען דעם קליענט פער׳משפט, האָט זיין שיצער געהאַט אויסגעריסענע צרות, אַלס שיצער פון אַפיקורסות. חוץ דעם האָט די אינקווי־זיציע גלאַט בעשטימט אַזוינע אַדוואָקאַטען, וועלכע האָבען געפאַסט צו איהרע געד־שעפטען. אין כלל האָט די קירכע גערעכענט אַז אַדוואָקאַטען איז דאָ אַן׳איבריגע זאַך: די קירכע דאַגה׳ט דאָך אַליין פאַר די קריסטען, ווי פאַר איהרע קינדער, — היינט ווער דאַרף דאָס שיצען קינדער פון אַ טרייער מוטער.

יאָ, עס זענען געווען אַזוינע אפיקורסים, וועלכע דער אַדוואָקאַט האָט געקענט פריי שיצען; די דאָזיגע לייט אָבער האָבען ניט געקענט פיהלען דעם חסד, וואָס מען דערווייזט זיי, וואָרום זיי זענען געווען ניט מעהר ניט ווענינער, ווי מתים. נור די קינדער פון די דאָזיגע מתים זענען געווען זעהר דאַנקבאַר פאַר דעם חסד, ווען די אַדוואָקאַטען פלעגען מיטהעלפען צו גערעכט מאַכען זייער געשטאָרבענעם פאָטער, וואָרום אויב מען פלעגט אַ מת פער׳משפט׳ן פלעגט מען זיך מיט איהם בעגעהן ווי מיט אַ לעבענדיגען אַפיקורוס: מען פלעגט איהם פון קבר אויסגראָבען, פערברענען זיינע ביינער מיט אַלע צערמאָניעס פון אויטאָ־דע־פע, פון זיין וואוינונג אַ תל מאַכען, די ירושה קאָנפיסקירען און דער נאָמען פון זיין משפחה איז אויף אייביג פעראונ־ווירדיגט געוואָרען. —

צו בעשרייבען די צערעמאָניע פון דעם דערפולען דעם פסק־דין, וואָס האָט זיך אָנגערופען „אויטא־דע־פע״, דאָס הייסט „אַן׳אַרבייט פון אמונה״, — איז ניט דאָ דער אָרט. איך האָב זיך לענגער אָבגעשטעלט אויף דער פראָצעדורא פון דער אינקוויזיציע, ווייל, ערשטענס, איז דאָס אַ זאַך, וואָס איז נאָך אַצונד אויך ניט אין גאַנצען בטל געוואָרען פון דער וועלט. זי איז מעהר ניט אַריבער געגאַנגען פון דער גייסטליכער אויטאָריטעט אין די הענד פון אייניגע וועלטליכע אויטאָריטעטען; די

שנוים, וואָס זענען דער ביי אין איהר געוואָרען, זענען זעהר ניט וויכטיגע, אָבער אין עצם איז זי געבליעבען די זעלבע, און מען קען רעכענען, אַז אין דעם ענין איז נאָך די אינקוויזיציע ניט בטל געוואָרען און דיא מענשהייט דאַרף נאָך שטאַרק אנשטרענגען איהרע כחות, ביז זי וועט פון דעם אין גאַנצען פטור ווערען.

צווייטענס, קען מען רעכענען, אַז די פּראָצעדור און איהר חברת'ע די צענזור, וואָס די שפּאַנישע אינקוויזיציע האָט איינגעפיהרט זענען טאַקע געווען די הויפט מאַכט פון דעם הייליגען בית־דין.

ניט מיט די הריגות, וואָס די אינקוויזיציע האָט בעגאַנגען, האָט זי גובר געווען דעם גייסט פון די פעלקער. אָט זעהען מיר למשל אַז די הריגות פון וואַרפאָלאָמייער נאַכט אין פראַנקרייך און נאָך פיעל אַנדערע הריגות, וואָס גייסטליכע און וועלטליכע דעספּאָטען האָבען געמאַכט אין פערשיעדענע צייטען, בכדי צודערגרייכען כלומרשט די איינהייט אין זייערע לענדער, האָבען דעם פרייען גייסט פון לעבען ניט דערשטיקט. אין שפּאַניע אָבער, וואו דער נעץ פון דער אינקוויזיטאָרישער בעהאַלטענער פּראָצעדור און פון איהר צענזור איז געווען אויף'ן קינסטליכען אופן געוועבט, האָבען די קירכע מיט איהרע חברים, די וועלטליכע דעספּאָטען, אויף זעהר אַ לאַנגער צייט דערשטיקט אין גאַנצען דאָס לעבען; זיי האָבען דערגרייכט די אמת'ע „איינהייט" פון וועלכער „זושעף דע מעסטער" אין זיין ווערק „די ב־יעף צו אַ רוסישען אַדעלמאַן" איז זעהר ענטציקט, נור איבער וועלכער דאָס פאָלק שטאַרבט פון גייסטיגען און מאַטעריעלען הונגער.

ניטאָ גאָט־צו־דאַנקען אין שפּאַניע קיין יודען און קיין מאָרען; ניטאָ ווער זאָל שטעכען די אויגען מיט אַנ'אינדיווידועלען, בעזונדערען נאַציאָנאַלען לעבען, נור דערפאַר איז טאַקע ניטאָ דאָרטען כמעט גאָר קיין לעבען.

ביז אָבער די דאָזיגע „איינהייט" איז דערגרייכט געוואָרען איז דאָס שפּאַנישע פאָלק געווען דאָס רייכסטע, דאָס געבילדעסטע, דאָס קלוגסטע און דאָס איידעלסטע אין גאַנץ אייראָפּאַ, און דער נאָך איז פון איהם אַתל געוואָרען.

פיעל געלעהרנטע האָבען געזוכט די סבות פאַר וואָס האָט זיך דוקא אין שפּאַניע וואו דאָס פאָלק איז זעהר הויך געשטאַנען, איינגענעבען דער אינקוויזיציע דערגרייכען איהר ציעל, און אין אַנדערע לענדער, וואו דאָס פאָלק איז נידעריגער געשטאַנען, האָט זיך איהר דאָס ניט איינגעגעבען? אין פלונ איז דאַרויף אַ תירוץ דאָס, וואָס אין שפּאַניע איז די מאַשין פון דעם הייליגען בית־דין געווען בעסער איינגעאָרדענט: דאָרט האָט זיך געפונען אַ העלד אַ גאון אין זיין פאַך, טאָרקוואָמאדע, ימח שמו, וועלכער האָט די מאַשין פון אָנהויב אָן געשטעלט אויף אַ פעסטען גרונד.

דאָך בלייבט פאָרט אַ קשיא, פאַר וואָס האָט זיך דוקא דאָרט געפונען אַזאַ גאון און אין אַנדערע ערטער ניט? די אינקוויזיציע האָט דאָך אין פיעל לענדער עקסעסטירט הונדערטער יאָהרען, און אין משך פון אַ לאַנגער צייט איז נאַטירליך, אַז גאונים דאַרפען זיך טרעפען, אויב עס איז נאָר פאַראַן אַ גרונד, אויף וועלכען דער גאון קען זיינע גאונות ענטוויקלען און אויסניצען.

באַקל רעכענט פאַר אַ סבה דערצו דאָס, וואָס די שפּאַניער זענען אין טבע עהרליכער פון אַנדערע פעלקער; ער זאָגט, אַז פאַנאַטיזמוס אין די הענד פון אַנ'עהרליכען מאַן איז דער שאַרפסטער שווערד, וואָרום אַנ'אומעהרליכער מאַן געהט קיי

מאָל ניט צו זיין אידאַל מיט אַ זעלכע פּעסטע טריט, ווי אַנ׳עהרליכער. בכן אויב דער אידעאל איז נעגרינדעט אויף אונוויסענהייט און ער איז אין די הענד פון עהרליכע לייט קען ער פיהרען צו די גרעסטע אומגליקען.

נור דאָך בלייבט אַ שאלה, ווי זענען די שפּאַניער, וועלכע זענען דעמאָלס געווען די געלערנטסטע לייט, געקומען צו אַנ׳אידעאל, וואָס איז נעגרינדעט אויף אונוויסענהייט? חוץ דעם האָט „ליי״ אין זיין בוך (פראַנצעזישע איבערזעצונג) „Histoire de l‘ Inquisition an moiyen âgl“ דערוויזען, אַז די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרען זענען גאָר ניט עהרליך געווען און ביי זיי איז געווען שטאַרק דער דורשט צו געלד.

ווען מיר זאָלען אפילו אָננעהמען באָקל׳ס סבה, איז זי געווים ניט די איינציגע געווען. וואָרום אין אַ וויכטיגען היסטאָרישען פאַקט האָבען געוועהנליך אַ חלק פערשיעדענע סבות.

מען קען רעכענען פאַר איינע פון די סבות צו דעם איינגעבען־זיך פון דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע דאָס, וואָס אין יענער צייט האָט קאָלומבוס ענדעקט אַמעריקאַ און האָט געפונען פאַר די שפּאַניער מיליאָנען קנעכט: ערשטענס, האָט די קנעכטשאַפט, מיט וועלכער די שפּאַניער האָבען זיך בענוצט אין אַמעריקאַ, ענטוויקעלט אין לאַנד קנעכטישע השגות: דאָס פאָלק איז געוואוינט געוואָרען צו זעהען, אַז מענשען זענען מבטל זייער גאַנצען רצון נאָך דעם וואונש פון זייערע הערען, האָט דאָס אויף איהם געהאַט אַנ׳איינפלוס ער זאָל אויך קענען איבער טראָגען די קנעכטשאַפט, וואָס די קירכע און דער דעספאָט האָבען אויף איהם אַרויף געלעגט; צווייטענס, האָט דער קוואַל פון רייכקייט, וואָס עס איז געפלאָסען פון אַמעריקאַ נאָך שפּאַניען לאַנג געקענט דיענען אַלס אַ מאַגנעט פאַר די אינקוויזיטאָרען און די קעניגע צו רודף זיין די רייכע אפיקורסים. און די קאָנפיסקירטע רייכקייט האָט גוט בעצאָהלט די הוצאות, וואָס עס איז געפאַלען אויף אויסהאַלטען די גאַנצע מאַשינע פון דער אינקוויזיציע.

בכלל זעהט מען, אַז דער היילינגער בית־דין האָט דאָרטען ענערגיש געאַרבייט, וואו עס זענען געווען רייכע אפיקורס׳ים: אין לאַנגעדאָק האָט זי שטאַרק געוואָרען דעם עולם כל זמן עס איז געווען רייכע אַדעל און בורזשואַזשיע; ווי נור זי האָט דאָס לאַנד פאַראָרימט, האָט זי לאַנגעדאָק צו רוה געלאָזען; דער היילינגער פאַטער עמעריק שעמט זיך ניט קלאָגען אויף דעם, וואָס עס האָבען אויסגעפּעהלט רייכע אפיקורסים. אין שפּאַניע גופא האָט דער היילינגער בית־דין דעמאָלט ענערגיש „געאַרבייט״, ווען עס איז געווען רייכקייט אין לאַנד. דערנאָך איז זי שוואַכער געוואָרען: די רייכקייט האָט זיך אין שפּאַניען לענגער געהאַלטען דורך דעם צופלוס פון אַמעריקאַנער גאָלד. דערפאַר האָט זי זיך דאָרט לענגער געהאַלטען און האָט בעסער די מאַשינע איינגעאָרדענט, בעסער אָרגאַניזירט זיך און האָט דערפאַר איהר ציעל דערגרייכט.

אויך קען מען רעכענען פאַר אַ סבה צו דעם איינגעבענעש פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע דאָס, וואָס זי האָט איבערהויפּט געהאַט אַנ׳עסק מיט פרעמדע נאַציעס — מיט די יודען און די מאַרען. אין אַנדערע לענדער האָט זי איבערהויפּט רודף געווען סעקטאַנטען פון דעם היימישען פאָלק גופא. בכן האָט זי געהאַט אנקעגען זיך פון אָנפאַנג אָן דאָס גאַנצע פאָלק; זי האָט אפילו צייטען־וויים מיט דער יודישער שאלה

זיך אויך פֿערנומען; די רדיפֿות געגען יודען האָט די קירכע אָנגעהויבען נאָך אין דער צווייטער עפּאָכע, און מיט יעדער ווייטערדיגע עפּאָכע האָט זי די רדיפֿות געגען זיי אַלץ פֿערשטאַרקט: גלייך משפט'ן זיי פֿאַר אמונה האָט דער דין פֿערוועהרט, האָט מען דעם פֿאָלק איינגעשמועסט ער זאָל אָנפֿאַלען אויף די יודען הרגנען וואָס מעהר, בכדי די יודען זאָלען זיך חאָטש למראה זיך שמדען; דעמאָלס וועלען זיי שוין אַריינפֿאַלען אין די הענד פֿון דעם הייליגען בית־דין; דאָך איז אומעדום די יודישע שאלה ביי דער קירכע געווען אַ בייזאַך, דעם עיקר עסק האָט זי אָבער געהאַט מיט דעם היימישען פֿאָלק.

אין שפּאַניען אָבער זענען דער עיקר געווען די יודען און די מאָרען, געגען וועלכע עס איז געווען לייכט די גייסטליכע און איינינע אַנדערע רעאַקציאָנערען אין המון איינפֿלאַנצען אַ נאַציאָנאַלען האַס. — דאָס פֿאָלק האָט דערפֿאַר געשטימט די אינקוויזיציע.

אמת פֿון תחילה האָבען די שפּאַניער גופא געמאַכט מרידות אַנקעגען דער אינקוויזיציע; נור דאָס האָט געטהון מעהר ניט דער אַדעל, וועלכער איז געווען אין מחותנות'שאַפֿט מיט די דאָרטיגע יודען, דער המון אָבער האָט די גאַנצע צייט געשטיצט דעם הייליגען בית־דין. די קעניגען איז אויך געווען גרינג איין רעדען, זיי זאָלען רודף זיין די יודען: די דאָרטיגע יודען זענען דאָס רוב געווען געלעהרטע מענשען, און אויף אַזעלכע איז גרינג אָנצורעדען פֿאַר אַ מלך; פערדינאַנדען האָט מען געמסרט, אַז די יודען זענען אין טבע מורדים במלכות, זיי קענען בטבע ניט איבערטראָגען אַנ'אויבערהאַר; ער האָט אפילו געגעבען זיין הסכם, מען זאָל זיי אַרויסטרייבען פֿון לאַנד ניט איבער די דאָזיגע מסירות און נור איבער די רייכקייט, וואָס מען האָט ביי זיי דערהאַלטען, איבער די חובות, וואָס ער האָט זיי ניט אָב געצאָהלט; דאָך האָבען די מסירות אויף יודען אויך געוויס געהאַט אויף איהם אַ ווירקונג. כמעט דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען די מאָרען, וועלכע זענען גלייך געווען אין פֿיעל זאַכען מיט די יודען.

מיט איין וואָרט די סעמיטען האָבען געדינט דער אינקוויזיציע פֿאַר אַ מיטעל צו פֿערשטאַרקען זיך. און ווי באַלד זי האָט זיך פֿערשטאַרקט, האָט זי שוין געוועלטיגט איבער די היימישע אַריער אויך און האָט געמאַכט אַ תל פֿון שפּאַניען.

אויף אַזאַנ'אופֿן קען מען אין גאַנצען מוסכם ווערען מיט די געלעהרנטע, למשל, זאמבארט און זימעל, וואָס רעכענען, אַז פֿאַר אַנ'אייראָפּעאישען לאַנד איז אַנ'אונגליק אויב אין איהר וואוינען פֿיעל סעמיטען, והראיה שפּאַניע איז איבער דעם אונגליקליך געוואָרען; נור מען דאַרף מוסיף זיין דער צו, אַז דער אונגליק איז נור דעמאָלט, ווען מען רודפֿ'ט די דאָזיגע סעמיטען, והראיה שפּאַניען איז געווען דאָס שענסטע און רייכסטע לאַנד, כל זמן מען האָט דאָרט די יודען ניט גערודפֿט.

בְּחַ"י.

# די נאַטירליכע מעטאָדע.

I.

מיט איניגע יאָהר צוריק האָט מען ביי אונז אָנגעהויבען איינצופיהרען די נאַטירליכע מעטאָדע (השטה הטבעית). מאן האָט איהר משנה־שם געוועזען און גע־געבען איהר אַ יודישען, זעהר אַ פּאַסענדען נאָמען — „עִבְרִית בְּעִבְרִית" (ווייל אַזוי הייסט דאָס ערשטע לעהרבוך נאָך אָט דער מעטאָדע).

די זאַך איז, פֿערשטעהט זיך, ניט אַזוי גלאַט אָפּגעגאַנגען. ס׳האָט זיך אויפ־געהויבען ביי אונז אין דער פּרעסע אַ גאַנצער שטורם צוליעב דערזעלבער מעטאָדע, ס׳האָבען זיך באַלד איינגעפונען געגנער, וועלכע האָבען געזוכט דיזעלבע מעטאָדע לכל הפחות צו פֿאַרשרייען. און וויבאַלד ס׳זענען געוועזען געגנער, האָבען זיך דאָך געמוזט איינגעפינען פֿאַרטיידיגער, — און ממילא האָט זיך אָנגעהויבען אַ הייסע פּאלעמיקע. דערביי האָבעןביידע צדדים אַרויסגעוויזען אַ רעכט ביסעל — אונוויסענ־הייט, גראָבע אונוויסענהייט. און ווער ווייסט ווי לאַנג די מלחמה וואלט געדויערט, ווען ניט דער מינסקער ציוניסטישער קאָנגרעס, און נאכדעם דער ד״ר קאַצענעלסאָן אין הַזְמַן, וואָלטען זיך ניט אָנגענומען פֿאַר אָט דער אָרעמער מעטאָדע. דער מינסקער קאָנגרעס האָט זיך עפֿענטליך אַרויסגעזאָגט פֿאַר „עברית בעברית" — און די געגנער זענען שטיל געבליבען.

פֿאַר וואָס דער מינסקער קאָנגרעס האָט זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר „עברית בעברית"— דאָס איז לייכט צו פֿאַרשטעהן. „עברית בעברית" פּאַסט זיך זעהר גוט צום ציוניזם, און דער קאָנגרעס האָט זיך געווים אַרויסגעזאָגט פֿאַר „עברית בעברית" ניט צוליעב דידאקטישע מאָטיווען, נור צוליעב ריין ציוניסטישע, פּאָליטישע; אָבער, לאָז זיין וואָס עס איז, דער קאָנגרעס האָט איינמאָל זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר דער מעטאָדע, — און קיינער האָט שוין דאַן ניט געוואגט זיך צו האַמפּער׳ן מיט׳ן קאָנ־גרעס און די ציוניסטען האָבען שוין געמוזט לויט די בעשטימונג פֿונ׳ם קאָנגרעס צו בעטראַכטען „עברית בעברית" ווי זייער אַנ׳איינענע זאַך, פֿאַר וועלכע מאַן מוז אַרבייטען.

און נאָך דעם מינסקער קאָנגרעס האָט זיך אָנגעהויבען די גאָלדענע צייט פֿון דער נייער מעטאָדע. פֿון אַלע שטעדט און שטעדטליך האָבען זיך אַשאָט געטאָן קאָרעספּאָנדענציעס, כמעט אַלע מיט איינעם און דעמזעלבען נוסח: דאַנק דער אַרבייט פֿון דעם און דעם רעדנער, פֿון דעם און דעם כלל־טהוער איז ביי אונז אויך געעפֿענט געוואָרען אַ חֵדֶר מְתֻקָּן, — אחדר וואו מאַן לערנט „עברית בעברית". — די בעסטע פּעדאַגאָגישע קרעפֿטען לערנען דאָרט מיט די קינדער ע ב ר י ת ב ע ב ר י ת. — און די קינדער זענען זעהר מצליח אינ׳ם לערנען". פֿון וואַנען האָבען זיך ביי אונז

מיט אַמאָל אײנגעפֿונען אין יעדער שטאָדט און שטעדטיל „די בעסטע פּעדאַגאָגישע קרעפֿטען“— דאָס ווײסען נור די קאָרעספּאָנדענטען. און אָט אַזוי האָבען זיך די ציוניסטען געשמאַק גענומען צו די חדרים מתוקנים. די גרעסטע אינטעליגענטען זענען אַרומגעלאָפֿען זוכען קינדער פֿאַר די נײע חדרים און האָבען גערעדט, אײנגערעדט, ערקלערט און געטהון וואָס נור זײ האָבען געקענט.

ס'האָט זיך באַלד אפילו אָנגעהויבען די מיאוסע געשיכטע פֿון מסירות. דאָ האָט געמסרט דעם חדר מתקן אַ קומפּאַניע פֿון מלמדים. דאָ האָט אַ „געלערנטער יוד“ ערקלערט ווי מאַן דאַרף די נאַטירליכע מעטאָדע און דאָ האָט אַ „דוחאָוונער רב“ געמסר'ט אי עברית בעברית, אי די חדרים מתקנים — און די לעהרער מיט די ציוניסטען אויך דערצו. אָבער דאָס אַליץ האָט ניט אָבגעהאַלטען די נאַטירליכע מעטאָדע פֿון פֿאַרשפּרייטען זיך אַליץ מעהר און מעהר.

און אַז מיר בעטראַכטען איצט די רעזולטאַטען פֿון אָט דער גאַנצער רעש'דיגער אַגיטאַציע פֿאַר „עברית בעברית“, קענען מיר זיך בשום אופן ניט צופֿריעדען שטעלען.

אמת, מען קאָן ניט אָפּלײקענען דעם פֿאַקט, אַז די נאַטירליכע מעטאָדע האָט פֿערהעלטניסמעסיג פֿיעל געבעסערט אונזער ערציעהונג. צוליעב די חדרים מתקנים האָבען אפילו די אַלטע, פֿאַר'חשכ'טע חדרים זיך געמוזט בעסערען, לײטישער ווערען, לכל הפּחות אין די חיצוניות. צוליעב די אַגיטאַציע פֿאַר „עברית בעברית“ האָבען געמוזט אָנהײבען צו קלערען וועגען בעסערע ערציהונג און לײכטערע לעהר־אַרטען אפילו די, וועלכע ס'האָבען זיך געהאַלטען פֿאַר די אַלטע רוטינע אין חדר ווי שטאָל און אײזען. אָבער סוף כל סוף — וואָס האָט די נאַטירליכע מעטאָדע גענעבען עפּיס פּאָזיטיוועס? וואָס האָבען געגעבען די חדרים מתוקנים און וואָס קאָן אונז געבען, חוץ אַגיטאַציע, דער בעסטער חדר מתוקן? — זעהר וועניג.

והראיה: דער חדר מתוקן האַלט זיך אויף היהנערשע פֿיסלעך. כמעט אומעטום האָט מען געמוזט צולײגען צו אַ חדר מתקן געלד און דאָס רוב פֿערמאַכען זײ זיך, אפילו די בעסטע פֿון זײ. ניקאָלאַיעווער „חדר מתוקן“ איז פֿערמאַכט, האָמלער — פֿערמאַכט און אַז. וו. ס'איז דאַכט זיך אין גאַנץ רוסלאַנד ניטאָ אי אײן חדר מתקן, וואָס זאָל זיך האָבען אַזוי לאַנג געהאַלטען, ביזוואַנען די קינדער זאָלען ענדיגען דעם קורס פֿון חדר. (? רעד.)

און אַז דער חדר מתוקן וואָלט געווען גוט, וואָלט ער זיך דאָך פֿעסט געהאַלטען. דען אַ גוטער חדר איז זעהר טײער ביי'ם פֿאָלק.

מאַן וועט זאָגען: דאָס פֿאָלק איז שולדיג. די יודישע געזעלשאַפֿט איז נאָך ניט פֿעהיג צו בענוצען זיך מיט'ן חדר מתוקן און פֿאַרשטעהט זײן ווערט ניט — ס'איז אָבער ניט מעהר ווי אַ בלבול. אַלע פֿאַרשטעהען וואָס גוט איז און מיט יודען קען מאַן זיך גאַנץ גוט צונויפֿריידן. אלא דער חדר מתקן טויג אַליין ניט.

איך מוז דאָ בעמערקען, אַז איך רייד נור וועגען די חדרים מתוקנים פֿון רוסלאַנד. דאָס מוטערלאַנד פֿון „עברית בעברית“ איז אפילו ניט רוסלאַנד; בעשאַפֿען איז געוואָרען דער חדר מתקן און די „עברית בעברית“ אין פּאַלעסטינע, אָבער קײנער פֿון אונז דאָ אין רוסלאַנד ווייסט ניט וואָס ס'טהוט זיך מיט די חדרים מתוקנים אין פּאַלעסטינאַ און וואָס פֿאַר רעזולטאַטען די „עברית בעברית“ האָט דאָרטען געגעבען. אין פּאַלעסטינאַ איז עפּיס אַליץ פֿאַרדעקט מיט אַ געדיכטען שלײער, און די חדרים

מתוקנים אויך. אמת, אדעסער קאמיטעט האט געשיקט אחד־העמ׳ן צו רעווידירען דארטען די שוהלען, אבער אחד־העם איז דאך קיין פעדאגאג, און זיין בעריכט איבער די שוהלען פון יפו קען אונז ניט אויפקלערען די רעזולטאטען פון דער נאטירליכער מעטאדע אין פאלעסטינא און ניט דעם גאנג פונ׳ם פאלעסטענישען לערנען העברעאיש. ס׳קאן זיין, אז דארט, אין ארץ ישראל, האט די נאטירליכע מעטאדע פיעל אויפגעטהון, ביי אונז אבער האט זי דערוייל גאנץ ווייניג ערייכט.

פאר וואס? וואו ליענט די סבה? פאר וואס האלטען זיך ניט די חדרים מתוקנים? איז אפשר באמת די נאטירליכע מעטאדע ניט קיין גוטע? אבער זי איז גוט, נור ניט פאר אונז? אפשר דארף מען זעהען מאכען א מין פשרה צווישען די אלטע און נייע מעטאדען, ווי עס ליינען פאר די פעדאגאגען פונ׳ם „הזמן“.

ניין. די פעדאגאגען פונ׳ם „הזמן“ ווייסען, במחילה, ניט אפילו קיין אלף פון פעדאגאגיע. ווייסען ניט אז די נאטירליכע מעטאדע האט א גאנצע ליטעראטור און אז זי איז ניט קיין נעכטינע. זי האט שוין א רעכטע היסטאריע און האט אומעטום געגעבען גוטע רעזולטאטען. נור פאר וואס׳זשע זענען ביי אונז די רעזולטאטען פון „עברית בעברית“ גאנץ קליינע? — ווייל מיר בענוצען די נאטירליכע מעטאדע צו אזא לעהר מאטעריאל, צו אזעלכע למודים וואס קענען זיך ניט פערייניגען מיט איהר, און ווייל מיר ווילען אלע מאל בעסערן אונזער חנוך דורך נייע מעטאדען, בשעת מיר לאזען די אלטע למודים. מיר קענען קיין נייען ווין ניט גיסען אין אלטע זעק. מיר קענען קיין אלטע למודים ניט בעסערען און לייכטער מאכען דורך נייע מעטאדען. פריהער מוזען מיר איינפיהרען אין אונזער פאלקס שוהל נייע למודים — און דאן ערסט נייע מעטאדען, דיזעלבע למודים דעם קינד צו איבערגעבען. טעאלאגיע מיט נאטירליכע מעטאדען זענען קיין פאר. מיר מוזען דעריבער פריהער פון חדר ארויספיהרען די טעאלאגיע און זעהען אריינצופיהרען אין איהם די אלגעמיין־מענשליכע, הומאניטארע למודים. דאן ערסט וועלען מיר קענען זיך בענוצען מיט דער נאטירליכע מעטאדע. פריהער מוז מען דעם חדר סעקולאריזירען (וואכעדיג מאכען, אפציהען די היילינקייט), מען דארף פון חדר ארויסנעהמען דעם תנ״ך (גמרא איז שוין לאנג ארויס פון איהם), די נור יודישע למודים און לערנען אין איהם די אלגעמיינע למודים — ס׳פערשטעהט זיך אויף העברעאיש — און דאן ערסט וועלען מיר האבען א גוטע פאלקס שולע, דאן ערסט וועט דער חדר ווערען וואס ער בעדארף צו זיין: א אמת׳ע פאלקס שול, — און ערסט דאן וועט די נאטירליכע מעטאדע געבען אויך ביי אונז גוטע רעזולטאטען.

---

## II.

מיר רעפארמירען אונזער חדר שוין מעהר ווי הונדערט יאהר, — און נאך איז אונז ניט געלונגען אויסצואַרבייטען א גוטען חדר. פאר וואס? — ווייל מיר גיבען זיך אב די גאנצע צייט מיט קליינע רעפארמען, מיט שטיקלעך רעפארמען. אין אמת׳ן אבער דארפען מיר ניט רעפארמען נור א רעפארם, איין גרינדליכע, גרויסע רעפארם. מיר דארפען וועלטליך מאכן דעם חדר, אפשוואכען זיין היילינקייט, מאכען איהם פאר וועלטליך

און ניט גייסטליך. מיר דארפען אדער אין גאנצען ארויסנעהמען פון איהם די אמונה למודים, אדער אמווענינגסטען, אפטיילען פאר רעליגיאָזע למודים נור א געוויסע צייט, איינמאל, צווימאל אוואך, און אין די איבריגע צייט דארף מען לערנען אינ׳ם חדר הומאניטארע אדער בירגליכע לעהר-זאכען: רעכענען, געאָגראפיע, די יסודות פון נאטור-וויסענשאפטען און ד. ג. — אבער אלץ אויף יודיש.

דאס איז נייטיג אי איבער סאציאלע טעמים, אי איבער פעדאגאגישע. די סאציאלע טעמים זענען:

די יודישע געזעלשאפט האט זיך שוין לאנג דיפערענצירט און צוטיילט אויף פארשיעדענע פארטייען. עס זענען שוין דא ביי אונז אזעלכע פארטייען, — ניט נור איינצעלע מענשן — וואס קעהרען זיך גאניץ וועהניג אן מיט אמונה. עס זענען שוין דא פיעלע יודען אהן אמונה, אדער גאניץ גלייכגילטיג צו דער אמונה, — און זיי קענען דאך זייערע קינדער ניט ערציהען אויפ׳ן חומש און אויף די נביאים.

ווי לאנג די יודישע געזעלשאפט איז געווען ניט געטיילט, ווי לאנג עס זענען ביי אונז געווען יודען, נור צוליעב דער יודישע אמונה, האט מען, נאטירליך, ניט געקענט רעדען וועגען אנדערע למודים ווי תנ״ך; היינט אבער זענען די פרומע ניט מעהר ווי א פ א ר ט י י און דאס חדר איז שוין ניט מעהר ווי א פארטיי-שול, — מוזען מיר דעריבער דעם חדר איבערמאכען אלץ א א ו נ פ א ר ט י י ל י כ ע פ א ל ק ס-ש ו ל, ד. ה. אויף אזא שול, וואו מאן זאל לערנען מיט די קינדער נור א ז ע ל כ ע למודים, וועלכע זענען נעטיג פאר אלע אונזערע יודען, פאר אלערליי פארטייען, — און אזעלכע למודים קענען נור זיין יודיש-בירגערליכע, ניט רעליגיאָזע; דער גאנג איז דער געשיכטליכער ענטוויקלונגס-גאנג פון דער שול אי אין אייראפא אי אין אמעריקא.

אומעדום וואו די געזעלשאפט האט זיך דיפערענצירט אויף פארטייען, האט זיך אנגעהויבען פריהער א מלחמה פאר דער שול צווישען די פארטייען גופא. יעדע פארטיי האט געזוכט אריינצוחאפען די שול אין איהרע הענד, — און דער סוף איז געווען אומעטום איינער און דערזעלבינער: די שול איז ארויס פון אלע פארטייען, זי איז געווארען א אונפארטייליכע און די ערציהונג, ווי ווייט זי קעהרט זיך אן מיט דער שול, איז געווארען — א בירגערליכע.

און דאס איינענע וועט אויך ביי אונז מוזען זיין.

אין פלוג קען מען מיך אפשלאגען מיט צוויי זאכען: ערשטענס דערמיט, אז ווער עס זאגט זיך אב פון דער אמונה איז דאך מעהר קיין יוד ניט — און פאר די דארפען מיר ניט זארגען, די דארפען איבערהויפט קיין יודישע ערציהונג. און ס׳איז דאך ניטא קיין אנדער יודישע ערציהונג ווי די רעליגיאָזע, אזוי ווי ס׳איז ניטא קיין אנדער יודישקייט, חוץ דער אמונה, צווייטענס, קען דאך ביי אונז קיין יודיש-בירגער-ליכע ערציהונג ניט זיין, און מיר קאנען ניט לערנען פון דער ערציהונגס-געשיכטע פון אנדערע פעלקער, איבער דעם פשוט׳ן טעם, אז מיר זענען ניט גלייך צו קיין פאלק. ביי אנדערע פעלקער קאן און דארף זיין בירגערליכע ערציהונג, ווייל ביי זיי איז דא א גרויסע פארערונג אויף דער בירגערליכער בילדונג, ווייל זיי האבען אייגענע בירגער-ליכקייט. ביי די אמעריקאנער, צב״ש, קאן און דארף זיין בירגערליכע ערציהונג, ווייל די אמעריקאנער בענוצען זיך מיט דער בירגערליכער בילדונג אינ׳ם אלטעגליכען לעבען.

דאָס אייגענע איז אויך מיט די ענגלענדער אָדער מיט אַנ'אַנדער פֿאָלק; מיר אָבער האָבען דאָך ניט קיין אייגענע בירגערליכקייט. מיר לעבען דאָך צווישען פֿרעמדע און מיר מוזען לויט אונזער סאָציאַלע לאַגע זיך בענוצען אינ'ם אַלטעגליכען לעבען מיט דער בירגערליכער בילדונג פֿאָן דעם פֿאָלק, צווישען וועלכען מיר לעבען. מיר מוזען דאָך קענען רעדען, שרייבען און רעכענען אויף רוסיש, ווען מיר וואוינען אין רוסלאַנד, פּויליש — ווען מיר וואוינען אין פּוילען און ד. ג. — טאָ וואָס זשע פֿאַר אַ בירגערליכע ערציהונג קאָן ביי אונז זיין? ווי קאָן זיין בירגערליכע ערציהונג אָהן אַ בירגערליכע בילדונג און אָהן בירגערליכקייט?

וואָס אַנבעטרעפֿט דעם ערשטען מאָטיוו, אַז די יודעשקייט איז נור די אמונה, מוז איך דערמאָנען די וואָס זאָגען עס, אַז דאָס איז נור די מיינונג פֿון אַ געוויסער פּאַרטיי. דאָס איז נור די מיינונג פֿון דער אָרטאָדאָקסישער פּאַרטיי. יעדענפֿאַל האָבען די איבריגע פּאַרטייען אַ אַנדער בליק אויף דעם, — און די שול מוז זיך רעכענען מיט פּאַרטייען — און וואָס אַנבעטריפֿט דעם צווייטען מאָטיוו, וועלן מיר איהם בעטראַכטען אין די שפּעטערע קאַפּיטלען.

י. י. גלאסס.

---

*  *  *

כ'האָבּ היינטיגען טאָג אַזוי פֿיעל געליטען —
עס ווילט זיך מיר בעטען, עס ווילט זיך מיר שעלטען.
און איצט בּיי דער נאַכט הער איך קלאָגען דאָס האַרץ מיינס:
אומזיסט, ביסט פֿערשאָלטען פֿון גאָר אַלע וועלטען.

דו האָסט נישט די מענשען קיין „ברודער" גערופֿען —
דו וועסט זיך נישט פֿרעהען מיט זיי און נישט לעבען;
ווען זיי וועלען טאַנצען אַרום די מזבּחות:
וועסט דו שטום דאָן קוקען דערנעבען.

ווען ס'וועט אין די נעכט אין די קאַלטע דערוואַרמען
זייערע הערצער פֿון גלויבען אַ פֿייער, —
פֿערגעהן וועט דיין האַרץ דאָן פֿון קעלט און פֿון בענקען
צו עפּעס, וואָס זאָל דיר זיין טייער.

און וועט זייער גאָט זיי זיין זון אַמאָל ווייזען,
און וועט ער זיין קינעגרייך צווישען זיי גרינדען, —
וועסט דו, איהם צו עהרען, בּיי דיר אין דיין האַרצען
קיין ליכט נישט אָנצונדען.

דו האָסט נישט געבלאָנדזשעט צו זוכען גאָטס שכינה,
דרום וועסט, דו איינער, זיין גוטס נישט פֿערזוכען:
דער גאָט, וואָס האָט וועלטען פֿאַר די וועלכע גלויבען
אין איהם און איהם זוכען.

יעקב שטיינבערג.

---

# לכבוד די געסט...

(ערצעהלונג).

---

בלומע רייזעל האָט אַ וואָרף געטהון דעם לעצטען בליק אין איהר פערפלעקטען קליין שפּיגעלע, וואָס הענגט דאָרטען אין קיך אויפ'ן וואַנד, איבער איהר בעט, האָט נאָך אַ שפּילקע, אין דעם גרויסען „שטויג" האָהר, ביי איהר אויפ'ן קאָפּ, פערפעסטיגט און איז מיט איהר טואַליעט פערטיג געוואָרען.

זי האָט נאָך קיינמאָל אַזוי לאַנג ניט בעשעפטיגט זיך מיט איהר טואַליעט, אַזוי ווי היינט; עס איז אָבער קיין וואונדער — היינט ביי דער נאַכט דאַרף זי זיך זעהען מיט אַ חתן.

איצט קען זי שוין אַרויס פון קיך. די בעלי־בתים איהרע זענען נאָך ניטאָ, עס איז שוין אַפּאָר שעה אין דער נאַכט און אין „יענע" צימערן איז נאָך פינסטער.

אין וועלכען צימער וועט זי מוזען זיין מיט'ן חתן האָט מען איהר נאָך ניט אָנגעוויזען; זי איז אָבער משער אַז אין זאַל וועט דאָס זיין. וואָרום אין עס־צימער קומען אַריין שטענדיג פרעמדע מענשען; אין קאַבינעט— לערנען זיך די קינדער, דערצו איז דאָרטען ניט אַזוי בעקוועם, ניט אַזאַ מעבעל, ניט אַזאַ איינריכטונג, — בלייבט אַלזאָ נור אין זאַל.

— וואָרום אָבער זענען זיי נאָך ניטאָ? — פרעגט זי זיך זעלבסט אין געדאַנק, טראַכטענדיג וועגען איהרע בעלי־בתים; — וואָס וועט זי טהון אַליין, ווען די מחותנים וועלען קומען? —

קיין סאַך מחותנים דאַרפען אפילו ניט קומען, בסך הכל נור צווייען, דער חתן אַליין מיט זיינעם אַנ'עלטערען ברודער; אָבער צווייען דאַרף מען אויך צונעמען שען, דערלאַנגען עפּעס צום טיש, פערברייגנגען, — ניין, אַליין וועט זי בשום אופן, ניט קענען, אופּראַווען זיך.

זי בערוהיגט זיך אָבער באַלד, ווען זי דערמאָנט זיך, אַז די מאַדאַם, בשעת זי האָט איהר גענעבען אויף היינטיגען אָבענד איהר זיידענע בלאָע בלוזקע, — האָט איהר מבטיח געווען, אַז זי — הייסט דאָס, די מאַדאַם אַליין — וועט דעם גאַנצען אָבענד אין דער היים זיין און וועט אַליין צונעמען די געסט, זי וועט זיי דערלאַנגען אלס, וואָס מען בעדאַרף, זי וועט מיט אַלע מעגליכקייטען זעהן, אַז די מחותנים זאָלען צופריעדען זיין, אַז זיי זאָלען ניט מיינען, אַז בלומע רייזעל איז אַבי ווער, ניין, זאָלען זיי וויסען,

אַז בלומע רייזעל איז ביי קראַשינסקען אין הויז, אַז בלומע רייזעל איז אין דעם הויז אויסגעוואַקסען, אַז זי איז דאָ פון די קינדערשע יאָהרען אָן כמעט, און די קראַשינסקיס וועלען זי אַזוי ניט לאָזען פון זיך; אויסער דעם געלד וואָס איהר קומט פאַר דער גאַנצער צייט זינד זי איז ביי זיי אין שטוב, וועלען זיי נאָך בלומע רייזלען בעשענקען מיט פיעלע מתנות, מיט אַלע נויטיגע זאַכען, וואָס אַ יונגע בעל־הבית׳טע ברויך צו האָבען פון דעם ערשטען טאָג אָן, ווען זי הייבט אָן צו פיהרען אַנאייגענע בעל־הבתישקייט...

בלומע רייזעל האָט אָנגעצונדען פייער אין עס־צימער, אין קאַבינעט, און אין זאַל האָט זי אָנגעצונדען אַלע דריי גאַזאָווע רעהרען, וועלכע האָבען דעם גרויסען זאַל מיט דעם גרינעם פלישענעם מעבעל בעגאָסען מיט אַ שטאַרקע העלע ליכטיגקייט, וואָס האָט אויסגעקוקט זעהר יום־טוב׳דיג.

ווען זי איז אַראָפּ פון דער שטוהל אויף וועלכער זי איז געשטאַנען, ווען זי האָט די לאָמפּען געצונדען, — האָט זי זיך אונווילענדיג געגומען אַרומקוקען וואו זי איז, דאָס וואָס עס האָט נאָך מיט איהר קיינמאָל פּאַסירט, און דאָס האַרץ האָט איהר עפּעס צושטאַרק גענומען קלאַפּען...

ביז היינט, ווען זי פלעגט אָנצינדען די לאָמפּען, פלעגט דאָס גאָר אויף איהר קיין אנדרוק מאַכען, זי פלעגט גאָר אַפילו ניט בעמערקען, ווי שטאַרק דער זאַל איז בעלויכטען, אים פערגלייך, למשל, מיט דער קיך...

די לאָמפּען אין זאַל האָבען ביי איהר אַ פנים געהאַט, גלייך ווי די פּליטע אין קיך, — זי צינדט אָן אין פּליטע פייער און צינדט אָן דאָס זעלבע אין זאַל; דער אונטער־שיעד איז נור, וואָס אין קיך ביים פייער בלייבט זי שטעהן און לאָזט, אַז ער זאָל זיך רוהיג שפּילען און טאַנצען און רויטלען איהר געזיכט, און אין זאַל—די פייער׳ן האָבען זיך נאָך ניט גוט פאַנאַנדער געברענט — און זי איז שוין דאָרטען ניטאָ...

ביז היינט, ווען זי פלעגט דורכגעהן דעם זאַל און איהר בליק פלעגט פאַלען אויף דעם גרויסען שפּיגעל, וואָס שטעהט דאָרטען ביים וואַנד, פון דער־ערד אָן ביזן באַלקען אויבען, — פלעגט זי דאָרטען דערזעהן נאָך אַ גרויסען זאַל, מיט נאָך גרינעם פלישענם מעבעל, מיט נאָך אַ בלומע־רייזלען, וועלכע זי פלעגט גלייך דערקענען, אַז דאָס איז איינע און די זעלבע, וועלכע זי פלעגט זעהן ביי זיך אין קיך אין איהר קליין פערפלעקטען שפּיגעלע: די זעלבע קאָפּ צו שויבערטע האָר, די זעלבע דיקע, הוילע ביזן עלענבויגען הענד, די זעלבע טונקעלע, ברייטע, פרייע בלוזקע, מיט דעם זעלבען פערשטעקט ביים גאַרטעל פערשמוצטען קליידעל...

איצט האָט זי זיך עפּעס ווי דערשראָקען, זי האָט זיך גאָר ניט דערקאָנט... עפּעס גאָר ניט די בלומע רייזעל פון אַ גאַנצער וואָך, עפּעס גאָר אַנאַנדערע איז זי מיט אַמאָל געוואָרען... דער צו איז איהר שווער עפּעס די פיעל ליכטיגקייט אַריבערטראָגען, איהר ניט זיך אָפּ, אַז פון די ווינקעלעך קוקען אַרוים פערבאָרגענע אויגען, וועלכע קוקען זי אָן מיט וואונדער און לאַכען זי אויס... אַפילו די דריי גאַזאָווע לאָמפּען וואָלטען אויך עפּעס ווי אויסגעלאַכט זי: ווי קומסטו, בלומע רייזעל, אַהער, אין אַזאַ זאַל, מיט אַזאַ מעבעל, מיט אַזאַ העלע, פרעהליכע ליכטיגקייט?.. אָט דאָ איז פאַר דיר, בלומע רייזעל, אַן ארט?..

זי האָט נערוועז אַ ציטער געטהון און אין די אויגען האָט איהר עפּעס אַ׳שימער געטהון... זי הויבט זיך אָן אַרומקוקען, בעמערקט אָבער גאָר ניט און בערוהיגט זיך. עס איז איהר אַרויף געקומען אַגעדאַנק צו אויסלעשען צוויי רעהרען און לאָזען נור

איינעם ברענען, אַז זאָל אַזוי ליכטיג ניט זיין, עס זאָל איהר די אויגען ניט בלענדען... זי ווייסט אָבער, אַז מען וועט שפּעטער אַלץ איינס אָנצינדען די איבריגע אויך, — טאָ זאָל שוין ברענען פון איצט־אָן.

זי געהט צו נאָהנטער צום שפּיגעל אין נעמט בעטראַכטען איהר טואַליעט. זי שטעהט אַווילע קעגען שפּיגעל, האַלטענדיג די הענד פאַרלייגט פאָרענט, ניט זיך נאָכהער אַ קעהר אויף אַ זייט, דאַן אויף דעם צווייטען זייט, האַלט דעם קאָפּ אַ הינטער צום שפּיגעל און בעטראַכט זיך פון אַלע זייטען.

— אַלעס אין אָרדנונג, — טראַכט זי; — קוקט נאָך אויס גענוג יונג, די האָהר־געדיכטע, שוואַרצע, גלאַטע, שענע; די טאַליע — אין דער מאָס, ניט זעהר דיק.. נור די בלוזקע, וואָס די מאַדאַם האָט איהר געליהען, זי איז עפּעס ניט אַזוי גוט צוגעפּאַסט. אפילו איין און די זעלבע ברייט, נור פאָרענט איז זי עפּעס צו ברייט, און די טאַליע עטוואָס צולאַנג... ווען זי זאָל עטוואָס העכער זיין דאַן, דאַן וואָלט זי געווען כמעט אַזוי שען, ווי די מאַדאַם קראַשינסקי אַליין...

זי ציהט אַראָפּ איינינע קנייטשען פאָרענט פון דער בלוזקע, פערשטייפּט בעסער דעם „פּאַיאַס", פיהרט דורך איהר האַנד איבער איהרע האָהר, גלעט זיי עטוואָס אָפּ, דריקט זיי עטוואָס צו, ציהט אויס, גלייכט אויס איהרע אַקסלען, בעטראַכט זיך נאָך איינינע סעקונדען אין שפּיגעל און געפינט, אַז מעהר האָט זי ניט וואָס צו פעריכטען.

איהר קומט אַרויף אַ געדאַנק אַ „מאַניעוור" צו מאַכען, ווי וועט זי זיצען, ווען דער חתן וועט דאָ זיין... זי געהט און זעצט זיך אויף אַ פּלושענעם שטוהל און שפּאַרט זיך אָן אויפ'ן טיש, וואָס שטעהט אין מיטען זאַל און איז בעדעקט מיט אַ קאָליאָראָווען דיקען סאַמעטענעם טישטוך.

דאָס האָט זי עֶפּעס ווי גערייצט. שוין צוועלף יאָהר זינד זי איז דאָ הויז, און פאַר דער גאַנצער לאַנגער צייט, איז איצט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי זיצט אויף אַזאַ שטוהל, נעֶבען דעם טיש, אין דעם זאַל... האָטש זי האָט געהאַט צו טהון דערמיט איבער אַטאָג כמעט; אָבער צו ליעב דעם נור, אויף אויסשלאָגען פון זיי דעם שטויב, איבער אַטאָג אין קאָרידאָר אַרויסשלעֶפּען און דאָרטען, מיט דער גע־פלאָכטענער „מעטיאָלקע", פון זיי דעם שטויב אויסקלאַפּען, און קלאַפּען, אַז פון זיי זאָל טראָגען אַ רויך, אַז זאָל דעם אָטהעם פערכאַפּען, אַזש צום פערוואָרגען ווערען... אויב ניט שרייעט די מאַדאַם, אַז דאָס מעבעל פוילט...

און איצט — זיצט זי, בלומע רייזעל, אויף דעם שטוהל, נעבען דעם טיש, אין דעם גרויסען זאַל, אין אַזאַ העלע לעכטיגקייט... און דאָס אַלץ צו ליעב דעם, וואָס זי דאַרף אַ כלה ווערען... אַך, ווי גוט מוז זיין, אפנים, חתונה האָבען!...

און דאָ, פון דער צווייטער זייט, — טראַכט זי ווייטער, — וועט זיצען דער חתן, ער וועט דאָך געווים אויף איהר קוקען, ער איז דאָך אַ מאַנסביל, ער שעמט זיך דאָך ניט, אָבער זי — איהר וועט זיין זעהר שווער צו קוקען אויף איהם... זי האָט נאָך נאָר קיין פערקעהר מיט יונגע מענשען געהאַט... אַז זי האָט קיינמאָל קיין צייט אויף די גאַס אַרויס צו טרעטען, בעקאָנען זיך מיט עמיצען...

— אַ פינסטערע נאַכט — וועט זאָגען געווים דער חתן צו איהר, — אַ בלאָטע מיט אַרגען...

— יאָ, זעהר פינסטער... וועט זי איהם ענטפערין: — איך האָב זעהר מורא

אַליין צו געהן אין דער פֿינסטער... און ער וועט דאָך זיך געוויס אָנשטויסען מסתמא, וואָס זי מיינט דער מיט...

— ווי וועט אָבער וויטער געהן דאָס געשפרעך?

זי קען זיך אָבער אויף דעם קיין ענטפֿער געבען; איהר איז שווער צו וועבען ווייטער איהרע געדאַנקען, זי כאַפּט זיך אויף און שפרינגט אויף פֿון איהר אָרט.

— ניטאָ נאָך די בעלי־בתים, — וואָס וועט זי טהון?

זי געהט צו צום פֿענסטער און קוקט זיך שטאַרק איין אין הויף. דער איין פֿאַנאַר, וואָס ברענט דאָרט, איז ניט אימשטאַנד, צו בעלויכטען מיט זיין פֿייערל דעם גאַנצען גרויסען הויף. דערצו איז עפּעס, — ווי אין דער צייט, עטליכע וואָכען נאָך סוכות, — אַ געדיכטער נעפּעל געהאַנגען איבער'ן גאַס, ווי אַ געדיכטער רויך.

בלומע רייזעל קוקט זיך איין, ווען ניט ווען שאָקלען זיך דורך עפּעס אַזוי ווי שאָטענס פֿאַרביי דעם פֿאַנאַר און ווערען באַלד איינגעשלונגען אין דעם געדעכטען רויך. ווען זי בעמערקט אַזוינע צוויי שאַטענס — הויבט איהר אָן דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק צו צאַפּלען, אַזוי שטאַרק צו האַמער'ן אַז זי מוז זיך אָנשפּאַרען אָן פֿענסטער, כדי זי זאָל ניט אומפֿאַלען... — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

---

אין זאַל אַרום דעם גרויסען טיש, וועלכער איז פֿול מיט פֿערשיעדענע פֿרוכטען, געבעקערייי, גלעזער טהיי — זיצען די בעלי בתים מיט די געסט.

מענדעל קראַשינסקי, אַ נידריגער, דיקער יודעל, מיט טונקעלע ברילען אויף זיין קורצען נעזעל און פֿייכטע אויגען, — האַלט אַ דיקען ציגאַר אין מויל און פֿון צייט צו צייט לאָזט ער אַרויס פֿון זיך אַ געדיכטען רויך, וועלכער פֿערדעקט זיין געזיכט אַזוי ווי מיט אַ וואָלקען. אין קאָפּ געהען איהם דורך פֿערשיעדענע געדאַנקען, פֿערשיעדענע חשבונות, אַלערליי ציפֿערן, און דאָס וואָס קומט פֿאָהר איצט ביים טיש אינטערעסירט איהם גאַר וועניג. ער וואָלט זיך שוין לאַנג אויפֿגעהויבען און אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין קאַבינעט, איהם איז זעהר לאַנגווייליג, ער האָט שוין איינינע מאָל אין דעם געדיכטען רויך אָפּגעגענעצט... ער שטאַרקט זיך אָבער איבער זיין לאַנגווייליגקייט און זיצט, און איז זיך אַליין מכיר טובה, וואָס ער ברענגט אַזאַ גרויסען קרבן פֿאַר בלומע רייזעלס וועגען: זיצט ביי איין טיש מיט דעם חתן, דעם בעל מלאכה, וואָס מען האָט איהר פֿאַרגלעגט, פֿערברענגט מיט איהם, און זאָל ער זעהען, אַז בלומע רייזעל איז אונטער דעם שוץ פֿון אַזוינע שטאַרקע פֿליגעל, ווי זיינע...

נעבען איהם זיצט זיין פֿרוי, רעגינא, אַ הויכע, אַ דיקע יודענע, מיט אַ פֿולען רויטען געזיכט, מיט קליינינקע, פֿערשוואומענע, „שצורעדיגע" אויגלעך, מיט וועלכע זי ווינקט זיך איבער מינוטען ווייז מיט די צוויי פֿרויען, וועלכע זיצען איהר קעגען איבער, איינע — בתיה, איהרע אַ שוועגערין, די צווייטע — גיטעל, איהרע אַ קוזינע.

ביי דער צווייטער זייט טיש זיצט בלומע רייזעל און נעבען איהר — דבשה חיה די שדכנ'טע, אַ נידריגע יודענע, מיט קיילעכיגע פֿולע אַקסלען, מיט אַ נידריגען קאָפּ, וועלכער איז בעדעקט מיט אַ גרויסען דיקען שייטעל פֿון בלאָנדע האָהר, וואָס קוקט אויס, ווי אַ דיקער אַלטער, שטרויענער דאַך אויף אַקליין נידריגען אַלטען הייזעל...

איהר אַלט נעזיכט איז צעקנייטשט און דורכנעוועבט מיט בלויע אָדערלעך. דאָס מויל האַלט זי פֿעסט פֿערשלאָסען אין איהרע קליינע איינלעך קוקען, ווי פֿער׳טראַכט, עפּעס אַזוי אין דער וועלט אַריין. פֿון צייט צו צייט זיפֿצט זי שטיל אָפּ...

זיי קעגנען־איבער זיצען די ברידער. בעריל, דער עלטערער, פֿון אַ יאָהר פֿינף־און־דרייסיג, מיט אַ לאַנגליכעס דאַר פּנים, מיט אַקליין שפּיציק בלאָנד בערדעל, — קוקט מיט זיינע תמ׳עוואַטע, פֿערזאָרגטע, דערשראָקענע אויגען אויפֿ׳ן רייכען טיש, קוקט אַזוי ווי ער וואָלט געפֿרעגט: וואו בין איך אין דער וועלט?..

דער צווייטער, לייבע, דער חתן, פֿון אַ יאָהר זיבען־און־צוואַנציג, מיט אַ נעגאַלטען פּנים, וועלכער איז בעדעקט מיט פֿלאַכע פּאָקען־גריבעלעך, — שטאַרעט זיך מיט זיינע עטוואָס חיטרע, פֿול מיט חשד אויגען אַריינצודרינגען דורך דעם געדיכטען רויך און די טונקעלע ברילען קראשונסקי׳ן אין די אויגען; עס געלינגט איהם אָבער ניט, און ער פֿיהלט זיך זעהר בייז און שטאַרק פֿערלעגען...

אָן אַ זייט, ווייט פֿון טיש זיצען קראשינסקי׳ס קינדער: יוטא, אַ פֿרייליין פֿון אַ יאָהר אַכטצעהן, מיט אַ לאַנגליכעס, בלאַס געזיכט, שמאָלע אַקסלען און איינגע־פֿאַלענער ברוסט; וועראַ — פֿון אַיאָהר זעכצעהן, אין אַ טונקעלען אַנצוג פֿון אַ גימנאַ־זיסטען מיט קינדערשע, אונשולדיגע, נוטמוטהיגע, אָפֿענע אויגען, און העניִ, אַ גימנאַ־זיסטעל פֿון אַ יאָהר פֿערצעהן. זיי זיצען און האַלטען ביכער אין די הענד, מיט וועלכע אָבער זיי זענען איצט ניט פֿעראינטערעסירט: די ברידער, וואָס זיצען זיי אַנט־קעגען אינטערעסירען זיי איצט מעהר, איידער זייערע ביכלעך. צייטענווייז וואַרפֿען זיי אַ בליק אַהין, צו די ברידער צו, בעמערקען ווי אָבהענדיג זיי זיצען, ווינקען זיי זיך נאַכהער איבער, הייבען אָן צו שמייכלען און פֿערשטעקען באַלד זייערע פּנימער אין די ביכלעך, פֿערשטיקען זייער געלעכטער, בערוהיגען זיך עטוואָס און הייבען אָן ווידער קוקען און ווידער שמייכלען...

עס איז שטיל; איצט דוקא געפֿינט זיך ניט ביי קיינעם קיין שטאָף אויף אַ געשפרעך. דער טיש איז עפּיס ווי צעטיילט אויף צווייען, וואָס נעבען איינעם זיצען די בעלי־בתים, די גבירים, די „בעלי־שמחות“ אַליין, און נעבען דעם צווייטען זיצען די אָרימע לייט, וואָס מען האָט זיי איינגעלאַדען אַהער צו אַ סעודת־מצוה“, כדי אַרום זיי אַ מצוה צופֿערדיענען... צווישען זיי איז עפּיס ווי אַ פֿערבאָרגענע מחיצה, אַ וואַנד, וואָס לאָזט זיי ניט אַביסעל נאהענטער איינע צו די אַנדערע צונויפֿקומען זיך...

די פֿיעלע ליכטיגקייט וואָס איז דאָ אין זאַל קענען איבערהויפּט די ברידער ניט אַריבערטראָגען. זיי ניעט זיך אָפּ, אַשטייגער, ווי זיי וואָלטען הייל געוועזען, הייל ביז אין דער נשמה אַריין, און אַלץ וואָס דאָרטען טהוט זיך איז אָפֿען און אויפֿ־געדעקט פֿאַר אַלעמען, אַלע זעהען וואָס פֿאַר אַ אָרעמקייט דאָרטען איז, וואָס פֿאַר אַ פֿינסטערניש דאָרטען שטעקט... זיי ווילט זיך זעהר שטאַרק דורכרעדען צווישען זיך, אָבער זיי פֿיהלען זיך גלייך ווי די ציגנער וואָלטען זיי געוועזען געלעהמט, זיי וואַגען ניט אַ מויל צו עפֿענען... בלומע רייזעל אינטערעסירט זיי איצט גאָר ניט. דעם חתן קומט נור אַרויף אַ געדאַנק, אַז זי איז אין אַלעם דעם שולדיג און עפּיס אַ מאָדנעם געפֿיהל וואַקסט אין איהם צו איהר, אַ געפֿיהל וואָס איז אויסגעמישט פֿון שנאה, כעס, חשד מיט רחמנות צוזאַמען... צייטענווייס ניעט ער אויף איהר אַ קוק, בער־

מערקט איהר פערלעגען פנים, וואס איז רויט ווי א פלאם פייער, דאן הייבט איהם אן אין הארצען שטארקער צו קלאפען און דאס חשד-געפיהל — וואס מעהר צו וואקסען...

קראשינסקי'ן קומט ארויף א געדאנק, אז ער איז מחויב די געסט, אביסעל מעהר צו מקרב זיין. „עס איז דאך ניט מעהר ווי דער אבענד...“ געהט איהם דורך א געדאנק אונבעוואוסט.

— איהר רייכערט ? — רייסט ער איבער פלוצים די שטילקייט ; — נעמט א פאפיראס. — און ער האט אויפגעפענט זיין זילבערנעם פארט-סיגאר און דערלאנגט די ברידער.

דער חתן האט גענומען א פאפיראס און בעדאנקט. דער ברודער זיינער האט זיך עפיס צופיעל געבאברעט מיט זיינע דינע, לאנגע, צושטאכענע פינגער אינ'ם פארט-סיגאר, און האט אליין ניט געקענט אנעמען דעם פאפיראס, וואס איהם האט זיך געדאכט, אז ער איז דער ערגסטער... ענדליך האט ער איהם בעקומען, ער האט איהם אבער געזאלט אנעמען, איז ער איהם פון האנד ארויסגעפאלען...

— עס שאדט ניט, שאדט ניט, — האט איהם קראשינסקי אפגעהאלטען, ווען ער האט געוואלט נעמען זוכען דעם פאפיראס אויף דער ערד, האט אליין ארויסגענומען אנאנדערען און האט איהם אין האנד געגעבען.

— נו, וואס הערט זיך, מיינע הערדען, — זאגט ווייטער קראשינסקי, ארויס-לאזענדיג פון דיך א געדעכטען רויך, וואס האט זיין געזיכט אין גאנצען פערדעקט; — וואס הערט זיך, פערדיענט עפיס דער עולם ? האט איהר עפיס ארבייט ? איהר זענט, דאכט זיך, א בעל מלאכה, א שניידער, הא ? א, היינט די בעלי מלאכות... זיי מאכען בעסער איידער די בעלי בתים... כ'לעבען, זעהר גערעכט... דער בעל הבית דרעהט מיט'ן קאפ אי טאג, אי נאכט, מיט איין ווארט — אייבינ, און זיי, די אר-בייטער, מיין איך, וואס געהט דאס זיי אן, וואס דער בעל הבית לעגט אן מיט'ן קאפ ? ווילען זיי דרייצעהן שעה — ארבייטען זיי דרייצעהן, ווילען זיי צוועלף — איז צוועלף. וואס, איז זיי ניט בעסער ?.. איהר ארבייט אליין, אדער ביי א בעל הבית ?

— איך ארבייט אליין, — ענטפערט דער ברודער, אויפהייבענדיג זיינע פער-זארגטע אויגען אויף קראשינסקי'ן און ער — ווייזט ער אן אויף דעם חתן — ארבייט נאך ביי א בעל-הבית.

— האט א י ה ר אויך בדעה — פרעגט קראשינסקי דעם חתן — צו ארבייטען ווען עס איז פאר זיך אליין, ווערען אליין זיך א שטיקעל בעל-הבית ?

— „דאס וויל ע ר שוין מיך עקזאמענירען...“ איז דורכגעגאנגען דעם חתן א געדאנק אין קאפ און ער האט אנגעשטעלט זיינע אויגען מיט חשד און פאריזיכ-טיגקייט אויף קראשינסקי'ן, הייסט דאס : מען זאל זיך מיט א ווארט ניט ארייננחאפען...

— ביז היינט — ענטפערט ער, נאכדעם, אז ער האט א פאר מאל א הוסט געטהון,— ביז היינט האב איך ניט געקענט ; ווען איך וואלט געהאט מיט וואס — וויים איך — כ'וואלט אפשר פראבירט...

און עס איז ווידער שטיל געווארען. קראשינסקי האט זיך אין מיט'ן דערינגען פערפלאנטעט ערגיץ און א חשבון און האט פערגעסען, קאנטינ, וואס ער האט ערשט געפרעגט... ערגיץ פון א ווינקעל האט זיך געהערט א שארפער, דינער טיק-

טאַק פון אַ זייגער; איבער די שטיינער פון הויף איז עפּיס אַ שווערער וואָגען דורכ־געפאָהרען, אַז די שויבען פון די פענסטער האָבען געציטערט. דער חתן האָט זעהר דייטליך געהערט ווי שטאַרק עס קלאַפּט איהם אין האַרצען...

און בלומע רייזעל זיצט און ווייסט ניט וואו זאָל זי איהרע אויגען בעהאַלטען. דאָס פּנים ברענט איהר ווי אַרום אַ׳נאָנגעברענטער פּליטע; זי אַטהעמט שווער, איהר איז זעהר ענג, אַ שטייגער, ווי זי וואָלט געווען אַ צונויפגעבונדענע, אָדער ווי זי וואָלט געלעגען אונטער זעהר אַ שווערער משא. איהרע פריהערדיגע חלומות האָבען זיך שוין לאַנג אויסגעוועבט, ווי אַלייכט רייכעל שוין לאַנג אויסגעגאַנגען... צייטענווייז קומט איהר אַרויף אויפ׳ן געדאַנק די קיך און איהר בעט וואָס שטעהט דאָרט... און דאַן ניעט איהר עפּיס אַ ציה אַהין, אין קיך, אָבער אַזוי שטאַרק, אַז זי וואָלט גרייט געווען אַלעס צו טהון, אַבי זיין איצט דאָרטען, ביי זיך אויפ׳ן בעט, און איינטוליען אַזוי טיעף דעם קאָפּ אין איהר קישען, האַלטען די אויגען פערמאַכט און אַזוי קוקען אויף יענע בלאָע גרינע רעדער, וואָס ציהען זיך און דרעהען זיך אָן דאָרטען טיעף אין דער פינסטער, ווען מען האַלט די אויגען פאַרמאַכט...

די ברידער זיצען שטיל און קוקען זיך איבער צייטענווייז מיט שטומע בליקען. זיי ציטער׳ן אַריהר טהון זיך, אַ קעהרטהון זיך אויף זייערע שטוהלען, ווי זיי וואָלטען מורא האָבען די שטילקייט איבערייסען, אָדער זיי זאָלען עפּיס אויפ׳ן טיש ניט פער־טשעפּען און ניט אומוואַרפען...

זיי וואָלטען זיך אַלע געפיהלט פרייער, ווען קראַשינסקי זאָל זיי לאָזען אַליין. פאַר איהם. האָטש ער קוקט גאָר אויף זיי ניט, האָבען זיי שטאַרקען דרך ארץ, וואגען ניט צו רעדען עטוואָס.

דעם חתן האָט זיך אָבער זעהר געוואָלט זאָגען עפּיס דער כלה. „וואָס איז ער מיר געווען — פּרובט ער זיך צו שטאַרקען אין געדאַנק — ער איז דאָך ניט מעהר ווי אַ קאַפּיטאַליסט...״ און ער האָט שוין אַ הוסט געטהון און געוואָלט אָנ־הויבען רעדען. ער האָט זיך אָבער באַלד נאָך מעהר פערהוסט און פערוואָרגען מיט די עטליכע ווערטער, וואָס זענען איהם אויף דער צונג געלעגען...

(ענדע קומט).

מ. ערליך.



# אונזערע טעריטאריאליסטען און „המון"יסטען.

(אַ וִכּוּחַ מיט ווערטלעך און פּשט׳לעך).

פֿון

בעל מחשבות.

---

I.

„דאָס איז דאָך ידוע, אַז ראובן איז געווען אַ בלינדער, און דאָס יוסף פֿלעגט איהם פֿיהרען פֿאַר׳ן האַנד... און בכן, ווי באַלד ראובן האָט דערזעהן, אַז יוסף איז אין גרוב נישטאָ האָט ער געפֿרעגט מיט אַ יאָמער: ואנה אני בא, געוואַלד, ווער וועט מיך פֿיהרען צו יעקב׳ן מיין טאַטען!"

(אַ פשט׳ל פון אַ ליטווישען מגיד).

עס טרעפֿט זיך אָפֿט, אַז די אייגענע מענשען, וואָס דערצעהלען מיט אַ געלעכטער דאָס פשט׳ל פֿון ליטווישען מגיד, בעמערקען ניט דאָס זייערע אייגענע טהעאָריען, מיט וועלכע זיי טרעטען אַרויס אויף אַסיפֿות, אָדער אין געדרוקטע ארטיקלען פֿאַר א עולם מענשען, האָבען דעמזעלבען לאָגישען טעם, ווי דאָס פשט׳ל מכּה ראובן׳ען און יוסף׳ען. זיי הייבען אָן געוועהנליך מיט דעם „דאָס איז דאָך ידוע", האָטש קיינעם, חוץ דעם בעל הפשט׳ל איז דאָס גאָר ניט ידוע. זיי מערקען ניט ווי דער צווייטער זאַץ לעקענט אָב דעם ערשטען. מיט אַ פֿערטונקעלטען מח שפרינגען זיי אונגעלומפערט איבער אַלערליי לאָגישע סתירות און קומען צו שיינענדיגע רעזולטאַטען, ווי למשל, אַז ראובן איז געווען אַ בלינדער און יוסף האָט איהם געפֿיהרט ביין הענדטעל.

ווען די טעריטאָריאַליסטען ווילען אונז בעווייזען, ווי גערעכט זיי זענען הייבען זיי אָן טענה׳נען: דאָס איז דאָך ידוע, אַז דאָס יודישע פֿאָלק געהט אוים ווי אַ ליכט, דאָס עס איז סיי פֿיזיש, סיי גייסטיג, סיי מאָראַליש אַ—קאַליקע, אַז דער מצב אין וועלכען די יודען לעבען איצט איז שוין ניט איבערצוטראָגען, אַז די טהירען פֿאַר די יודישע עמיגראַנטען ווערען זיך היינט, מאָרגען צומאַכען אויף עביג. אַז נור די ראַדיקאַלסטע מיטלען קענען ראַטעווען דאָס פֿאָלק פֿון אַ שרעקליכען אונטערגאַנג. מיט אַלע די „ידועה"דיגע ווערטלעך ווילען זיי אונז בעווייזען, אַז מיר טאָרען ניט קלערען וועגען נאַציאָנאַלע פּלענער וואָס פֿאָדערען צייט און גדולה, אַז מיר טאָרען ניט אָבשטופען קיין שטרויענעם פּראָיעקט, וואָס קען האָטש אויף אַ רגע העלפֿען אַ פֿאָלק וואָס טרינקט זיך, אַז עס איז אַ פֿערברעכען, אַ גזלנות פֿון די, וואָס שטויסען אָב פֿון זיך אוגאַנדא, אַדער וואָס ווילען זיך ניט אַריינלאָזען אין נייע טעריטאָריאַליסטישע פּלענער.

און ווען מען פרעגט די טעריטאָריאַליסטען: — ווי קען אַ פאָלק, וואָס מאָלט זיך אין אייער קראַנקער פאַנטאַזיע ווי אַ גוסס, וואָס האָרחעלט שוין אַ ודוי, ווי קען אַזא פערחלושט'ע בעשעפעניש גרינדען שטאַאַטען, פערנעהמען טעריטאָריען און קולטיווירען ווילדע לענדער? — פערגעסען זיי תּוך כּדי דבור דאָס וואָס זיי האָבען געזאָגט מיט אַ ווילע פריהער און ענטפערען אייך מיט פלאַמענדע אויגען פון אַ בעל חלומות:

— צו ווייסט איהר גאָר ניט, אַז אַ נייער קלאַס איז אויפגעשטאַנען ביי יודען? צו האָט איהר שוין גאָר פאַרגעסען אָן יודישען פּראָלעטאַריאַט? דאָס יודישע פּראָלע־טאַריאַט, דער גרינער יונגער בוים פון אונזער פאָלק איז בכח אויף זיינע פלייצעס אויס־צוטראָגען די גרעסטע און שווערסטע נאַציאָנאַלע אַרבייט! קוקט זיך צו צו דער בעוועגונג פון די "פועלי ציון", הערט זיך צו וואָס דער "המון", וואָס די "וואָזראָזשדעניע" שרייבען!

און אַז מען פרעגט זיי ווייטער: אויב שוין יאָ אַזוי, אויב דאָס יודישע פאָלק האָט שוין יאָ גרינע בוימער און יונגע כּחות, הלמאַי שרעקט איהר אונז מיט אַ באַלדיגער גסיסה? הלמאַי טרויט איהר ניט צו דעם פאָלק, דאָס ער וועט איבערלעבען דעם קריזיס אין אונזער ציוניסטישען בעוועגונג, און וועט פריהער אָדער שפּעטער געפינען נייע וועגען, ווי צו פערווירקליכען דעם אַלטען ציוניסטישען פּראָגראַם?

דעמאלט ווערען שוין די טעריטאָריאַליסטען אונגעדולדיג און ענטפערען מיט כעס:

— דאָס יודישע פּראָלעטאַריאַט פאָדערט אַ באַלדיגע רעאַלע טהעטיגקייט! עס קען ניט לעבען מיט די אינטערעסען פון די אַלטע חובבי ציון, וועלכע פלעגען קלויבען נחת פון איטליכען טאָפּ מילך, וואָס אַ ראָטשילד'שע קיה פלעגט געבען אין ראשון לציון אָדער אין משמר הירדן! אַ רעאַלע אַרבייט פאָדערט דאס יודישע פּראָלעטאַריאַט, אַז ניט וועט עס געצוואונגען זיין זיך צו אַסימילירען. דען דאָס איז דאָך ידוע. אַז די טהירען פאַר די עמיגראַציע ווערען פערשלאָסען, און ווייטער איז ידוע, דאָס די עקאָ־נאָמישע לאַגע פון יודישען פאָלק ווערט אַלץ ערגער און ערגער, און אויך דאָס איז דאָך ידוע...

— שטעהט. שטעהט אַ ווילע, — פרעגען מיר ווייטער דעם פערקאָכטען טערי־טאָריאַליסטען, וואָס אַלץ איז איהם ידוע, — פון וואַנען נעהמט איהר אָבער, אַז דער טעריטאָריאַליזם וועט געבען דעם פּראָלעטאַריאַט אַ באַלדיגע און אַ גרעסערע רעאַלע טהעטיגקייט ווי דער ציוניזם? דען אויך אין אוגאַנדאַ, אָדער אין קאַנאַדאַ וועלען ניט שפּראָצען די קאָלאָניעס ווי די שוועמלעך, אויך דאָרטען וועט מען מוזען שטיל, לאַנג און שווער אַרבייטען, איידער מען וועט קענען צוציהען האָטש אַ טהייל פון אונזער פּראָלעטאַריאַט. צו וועט איהם דערווייל ניט אויסגעהן די כּחות וואַרטענדיג?

דאָס פּראָלעטאַריאַטס, — לאַכען אונזערע געגנער, — אוי, זיי וועלען אַלץ קענען אויסטראָגען... דען דאָס איז דאָך ידוע... און מאַרקס האָט דאָך געזאָגט... און קויטסקי שרייבט... און דערפון איז געדרונגען, אַז נור דער אַרבייטער־קלאַס קען געבען דעם יודישען פאָלק אַ לאַנד...

— הלמאַי גיט ער אונז ניט פּאלעסטינא?

— אויך מיר אַ פראַגע! אַז פּאַלעסטינא גיט מען אונז ניט!

— אויב יאָ אַזוי, אויב דאָס הענגט אָב פון דעם וואָס גיבט, ווי אַזוי קען דער אַרבייטער־קלאַס בכלל געבען?

— ווער זאָגט, אַז ער קען ניט! — ענטפערען בייז און אונגעדולדיג אונזערע

געננער, און דער שמועס נעהמט שוין אָן דעם כאַראַקטער פֿון געוויסע שלום־עליכם׳ס העלדען. עס ווער־ט נודנע פֿון די קינדערשע סתירות, און מען צוגעהט זיך אָנגעמאַטערט מיט אַ האַריץ פֿיל פֿון עגמת נפש.

---

II.

זייט חדשים באָמבאַרדירט מען דעם מח פֿון פּשוט׳ען לעזער מיט טעריטאָרי־אַליסטישע אַרטיקלען. אין שרעקליכע פֿאַרבען שילדערט מען פֿאַר איהם דעם באַלדיגען אונטערגאַנג פֿון יודישען פֿאָלק, אין קאַמפּף געגען די ציוניסטען, וואָס ווילען ניט פֿייער־פֿלאַם פֿון העלער הויט בייטען דאָס אַלטע פּראָגראַם, פֿערשווינט מען ניט קיין מיטעל. מיט אַלערליי גרימאַסען און מיאוסע העווית חוזק׳ט מען אָב פֿון די נאַרישע פּאַלעס־טינצעס, פֿון די „קליינע בעלי־הבית׳לעך״, וועלכע קענען ניט בענעהמען די הויכקייט פֿון אַ אוגאַנדאַ־אָדער אַ קאַנגאַ־פּראָיעקט. מען צורייצט די ניעדריגע געפֿיהלען פֿון דער אונגעבילדעטען מאַסע. מען טייטעלט מיט די פֿינגער אויף די „פֿאָלקס־גזלנים״ די ציוניסטען, וואָס ווילען בשום אופֿן ניט, אַז דאָס פֿאָלק זאָל קענען אַמאָל קומען צו עפּעס אַ שטאַנד.

מיט צוויי מעטהאָדען אַרבייטען די טעריטאָריאַליסטען. איינערזייטס רופֿען זיי אַרויס אַ בלינדע ווילדע אימה צו דער געגענוואַרט, אַנדערזייטס צורייצען זיי די פֿאַנטאַזיע מיט דער גאָלדענער צוקונפֿט וואָס וואַרט אויף אונז אין וואָס־עס־איז פֿאַר אַ טעריטאָריום. מיט איין האַנד מאָלען זיי אַ שרעקליך בילד צום חלש׳ן, אַ פֿערקרימטען נוסס, וואָס האָרחעלט מיט׳ן לעצטען אָטהעם; מיט דער אַנדערען אָבער פּענזעלען זיי אויס אַ ליכטיגע גרינע ערד, אַ וואו יודען קענען אין איינס־צוויי־דריי ווערען די בעלי הבתים און די שררות אויף איהר. און זיי עסען זיך ווייניג אָב דאָס האַריץ, צו קען מען גאָר ביידע בילדער שטעלען אין איין ראַהם. זיי קלערען ניט אַ רגע צו איז גאָר בטבע מעגליך, אַז דער בלייכער נוסס זאָל מיט איין מאָל ווערען אַ רויטער בעל הבית און אַ שיינענדיגער שררה.

און ווען מען ווייזט זיי אָן אויף די ווילדע סתירה צווישען זייערע פֿינסטערע און ליכטיגע פֿאַנטאַזיען, ענטפֿערען זיי אייך באַלד אַ וואוילען תירוץ. ניט איהר, די „קליינע בעל־הבית׳לעך״, ניט די וואָס רופֿען זיך אָן ציוניסטען, — זאָגען זיי, — וועלען אונז פֿיהרען אין אַ לאַנד. דאָס פּראָלעטאַריאַט. אָט די חברות „פּועלי ציון״ זענען אונזער האָפֿנונג. נור די צעהן פּראָצענט פֿון פֿאָלק זענען געזינד און שטאַרק. און זיי וועלען ראַטעווען דאָס יודענטהום סיי עקאָנאָמיש, סיי נאַציאָנאַל פֿון גענצליכען אונטערגאַנג.

זיי, די טעריטאָריאַליסטען, גלויבען אַ פּנים, אַז דאָס פּראָלעטאַריאַט איז גע־וואַכסען אויף איין אַנדער פֿעלד, ווי דאָס גאַנצע יודישע פֿאָלק. זיי מיינען אין דער־אמת׳ן, אַז אַ פֿאָלק פֿון גאָרנישטען (לייען ה׳ צייטלין׳ס אַרטיקלען), פֿון גייסטיגער קאַליקעס קען געבערען אַ פּראָלעטאַריאַט מיט אַלע מעלות. די איינענע טעריטאָריאַ־ליסטען, וואָס פֿאַר צוויי יאָהרען (נאָך פֿאַר אוגאַנדא) האָבען געבראַכט ראיות פֿון מאַרקס, קויטסקי און אַנדערע, אַז צוליעב אונזערע נאַציאָנאַלע צרות קען זיך ביי אונז ניט אויסבילדען אַ געזונדעס פּראָלעטאַריאַט, — די איינענע — צו פֿלאַמט צוליעב

אוגאַנדא — טענה'ען היינט מיט צוזאַמענגעקוועטשטע פויסטען, אַז נור דאָס פּראָלעטעריאַט איז געזונד און שטאַרק ביי אונז. אַלע אַנדערע טיילען פון פאָלק זענען אינעווייניג צופוילט און צוקראָכען.

פּאַר איינינע מאָנאַטען צוריק האָט ה׳ הלל צייטלין (אין „הדור") אויסגעגאָסען אַ ים פון זלזולים אויף די „נייך־זאָגערס". רבונו של עולם! מיט וועלכע נעמען האָט ער זיי ניט בעשענקט! און קאַרליקעס זענען זיי, און קיין מאַרך אין קאָפּ האָבען זיי ניט, פערפוילט איז זייער האַרץ, און ליגען זענען זייערע רייד, און זייער כח איז ווערט אַ שפיי, און זייערע האָפנונגען זענען געמאַכטע און זייערע טרעהרען זענען פאַלשע. וועגען אַ ווערעמקנויל האָט מען ניט געקענט רעדען מיט מעהר פעראַכטונג. ווי ה. צייטלין וועגען די וואָס ווילען ניט וויסען פון שענעם אוגאַנדא־פּראָיעקט.

און אַלס איך האָב איהם אַמאָל פּערזענליך געפרעגט: לאָמיר שוין אָנעהמען אַז איהר זייט גערעכט; ווערעם זענען מיר... און מיר האָבען כשר פערדיענט, אַז איהר זאָלט אונז טרעטען מיט אייער אײדעלען שטיוועל... זאָגט מיר אָבער, ליעבער קאָלעגע, וואו זענען אייערע העלדען, צווישען די „יאַ־זאָגער"? וואו זענען אייערע הויכע גייסטער, אייערע גאַנצע הערצער! אייערע גרויסע כחות? אויף וועמען האָפט איהר? אויף וועמען בויעט איהר?

און דערויף האָט ער מיר געענטווערט: אויף דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, אויף די חברות „פּועלי ציון". און זיינע בלויע אויגען האָבען ניט געפינטעלט דערביי. און זיין בלויעס געזיכט האָט זיך ניט גערויטהעלט...

די צוהיצטע פאַנטאַזיע פון אונזערע טעריטאָריאַליסטען זעהט אין איטליכען שאָטען עפּעס אַ מין וואונדערליכע געשטאַלט. אין די חברות „פּועלי ציון", אין די שאָטען־חברות, וואָס האָבען אַ קיום פון זומערפויגלעך, וואָס ווערען מייסטענס צו פאַלען, אויף צווייטען שבת ביי דער צווייטער אסיפה, וואָס האָבען ניט קיין פּראָגראַם, וואָס אַ חברה פון איין שטאָדט וויל ניט וויסען פון דער צווייטען אין אַנדער שטאָדט, וואָס יעדע חברה האָט זיך איהר טהעאָרעטיקער, אַ וואו יעדעס מיטגליעד פערענדערט זיין פילאָזאָפישען „קוק" אויף דאָס יודענטהום און זיין צוקונפט לויט דער לעצטער בראָשורקע וואָס ער האָט דורכגעלעזען; — קורץ, די חברות „פּועלי ציון", וועלכע נאָך דעם פּרעכטיגען אויסדרוק פון איינעם אַ מורשה קען מען פערגלייכען מיט אַ עמבריאָן אין די ערשטע וואָכען, וואָס קריגענט איטליכען טאָג אַ עהנליכקייט צו איין אַנדער בעשעפעניש, — אָט זיי זענען געוואָרען די שטאַלץ און די קראַפט און דער כח פון אונזער פאָלק... זיי, די טעריטאָריאַליסטען, וואָס האַלטען זיך פאַר די „פּראַקטישע רעאַלדענקער", פאַר די קלאָרע קעפּ, וואָס געהען דורך לעבען מיט פשט אָהן דרוש און רמז. — בויען אַליין זייערע ראיות אויף סודות און רמזים, אויף דעם סוד פון די „פּועלי ציון"ישע פערבעהאַלטענע אַסיפות, אויף רמז פון גרינבערגס אַ פּאַפּיערעל מכח עפּעס אַ לאַנד אוגאַנדא.

---

## III.

„דאָס איז דאָך ידוע, אַז דאָס יודישע פאָלק געהט אויס ווי אַ ליכט", — אַזוי טענה'ען די „אַרציים" טאָג ווי נאַכט.

צו איז דאָס טאַקי ידוע? צו זענען מיר ווירקליך אַ פֿאָלק אַ גוסס? עס איז שוין לאַנג צייט הויך און שטאַרק אַרויס צוזאָגען, אַז דאָס איז שקר! מיר זענען ניט קיין פֿאָלק וואָס גוסעט. נור די פֿינסטערע פֿאַנטאַזיע פֿון פֿערפֿינסטערטע מחות קען לאַנג זיך האַלטען מיט אַזאַ פֿאָרשטעלונג. מיר האָבען טויזענדער מעגליכקייטען צו לעבען און לעבען, מיר בעזיצען אונצעהליגע פֿערבאָרגענע כחות וואָס רופֿען אונז צום לעבען, צו אַ פֿולען נחת'דיגען לעבען.

איהר פֿערלאַנגט ראיות?

עס איז ניטאָ קיין לאָגישע ראיות! דאָס ל ע ב ע נ ס ג ע פֿ י ה ל, דאָס געפֿיהל, אַז צעהנדליגער לעבענסקוואַלען זענען נאָך ניט פֿערברויכט געוואָרען און וואַרטען נאָך אויף אַ וועג אום צו שפּיעלען אויף אַלע פֿאַרבען פֿון רעגענבויגען — אָט דאָס געפֿיהל לאָזט זיך ניט בעווייזען, אָדער מען ווערט דער מיט געבאָרען, אָדער מען חשך'ט אָפּ די זיעבציג יאָהר און מען קריעגט דאָס נישט צו שפּירען.

דאָס וואָס ביי אַ איינצעלנעם מענשען רופֿען מיר לעבענסגעפֿיהל, טראָגט ביי'ן פֿאָלק דעם נאָמען פֿון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן ג ע פֿ י ה ל. דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיהל, איז מיט אַנדערע ווערטער אויסגעדריקט, די אינערע הכרה, די טיעפֿע איבערצייגונג פֿון פֿאָלק, אַז טויזענדער פֿרישע יונגע פֿאָלקסגליעדער פֿאָדערן בעוועגונג, ליכט, וואַרעמקייט, זונענשיין, פֿאָדערן לעבען, לעבען.

אַ פֿאָלק אַ גוסס בויעט זיך מצבות, קברים, איז ניט פֿעהיג צו טראַכטען וועגען עתיד, מאַכט ניט קיין פּלענער אויף שפּעטערע דורות, איז בלינד פֿאַר די צוקונפֿט, איז טויב פֿאַר די ווערטער פֿון איהרע נביאים — אידעאַליסטען.

ווי דאָס לעבענסגעפֿיהל ביי אַ יחיד, אַזוי רופֿט אויך אַרויס דאָס נאַציאָנאַל־געפֿיהל ביי אַ פֿאָלק אַ צ ו ק ו נ פֿ ט ס ג ע פֿ י ה ל, אַ פֿרעהליכעס, טיעפֿעס געפֿיהל פֿאַר די גוטיקייטען וואָס ליעגען נאָך פֿערבאָרגען אין דעם שויס פֿון קומענדיגע דורות, אַ געפֿיהל פֿון בטחון, אַז דאָס לעבען פֿון יחיד ווי פֿון דער נאַציע צורינט ניט אומזיסט, דאָס צוקונפֿט־געפֿיהל לערנט אויס לייכטער צו נעהמען די נויטיגע צרות פֿון פֿערבייגעהענדיגען טאָג, ניט צו פֿערליערען דעם מוט און די געדולה, ווען אויסער סבות פֿערשטאָפּען אויף אַ רגע די לעבענסקוואַלען. אָהן אַ צוקונפֿט־געפֿיהל איז אַ פֿאָלק געגליכען צו אַ בעטלער, ווייל אַלע אוצרות און עושרות ליעגען אין די צוקונפֿט, דען אויך דאָס לעבענדיגע פֿון עבר איז נור דעמאָלט לעבענדיג, ווען דאָס טראָגט מיט זיך אַ פֿאָלק מיט אַ טיעף ענטוויקעלטען צוקונפֿט־געפֿיהל.

נור בלינדע אויגען ווילען ניט זעהען די פֿרוכטיגע כחות פֿון יודישען פֿאָלק. אין די לעצטע 25 יאָהר האָט אויפֿגעבליהט ביי אונז אַ עהרליכע בלום. דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיהל פֿערבונדען מיט אַ טיעפֿען צוקונפֿטגעפֿיהל. אין דער צייט פֿון השכלה זענען מיר נאָך געווען צוליעב פֿערשיעדענע סבות אַ בעטלער־פֿאָלק מיט אַ בעטלער־נשמה. מענדעלעס עדה יודען, אָדער י. ל. גאָרדאָנ'ס „עדר" איז טהיילווייז אויסגעוואַכסען צו אַ פֿאָלק מיט אַ שטרעבען צו אַ נאַציאָנאַלער קולטור און צו אַ נאַציאָנאַלער בעפֿרייאונג. אין אַ קורצע צייט פֿון אַפּאָר צעהנדליג יאָהר האָט אויפֿגעבליהט ביי אונז אַ איינענע ליטעראַטור, פֿון אָריגינעלע געדאַנקען, בילדער און פֿאָרמען. מעגען די בלאָנדע צייטלינ'ס מיט אַ חושך'דיגער מינע אָבמאַכען די גאַנצע ליטעראַטור אונטער'ן האַנד אין 210 דרוקציילען; מעגען די שוואַרצזעהער ברעכען די הענד פֿאַר פֿער־

צווייפלונג, קיין פעסימיסט האט נאך ניט פערדונקעלט דעם טאג, קיין טעריטאריאליסט, וואס טענה'ט, אז דאס פאלק געהט אונטער וועט ניט קענען אבלייקענען דעם פאקט, דאס דאס יודענטהום האט אין די לעצטע יאהרען געגעבען טויזענדער קלארע צייכענס פון געזונדע געפיהלען און א נעזונדען ווילען, דאס לעבענדיגע יודענטהום וואס האט בעשאפען דעם קאנגרעס, געלעגט דעם פונדאמענט צו דעם נאציאנאלפאנד, און דעם קאלאניאל־באנק, וואס האט אין די שרעקליכסטע אויסערע אומשטענדע געפונען מיטלען און וועגען צו בילדען גרויסע טיילען פון פאלק, שיינט נור פאר א אויבער־פלעכליכען בליק צו זיין קראנק און מאט.

א פאלק, וואס האט אין א משך פון 50 יאהר דורך איינענע אנשטרענגונג געקענט אריבערפיהרען א ½ מיליאן מענשען קיין אמעריקא, א פאלק וואס איז נאך פאר 50 יאהר געלעגען אין שמוץ און אין קרעץ (דערמאהנט זיך אן יודישען הקדש) און וואס האט זיך געמאלט דעם גרויסען אבראמאוויטשען, ווי א עדה פון שלעפערס, און וועלכעס איז אין א קורצער צייט אויסגעוואכסען אין רוסלאנד אין א גרויסע עקאָ־נאמישע און גייסטיגע מאכט, — אזא פאלק מאלט זיך נור ביי'ן טעריטאריאליסטען אין געשטאלט פון א גוסס. פאר דעם אמת'ן נאציאנאליסטען איז דאס יודישע פאלק דאס לעבענדיגסטע און דאס לעבענפעהיגסטע פאלק אונטער פעלקער. דען דער ריינער נאציאנאליזם איז ניט קיין פלפול, קיין בויך־סברה, ער איז דאס אינערע געפיהל א מיר לעבען, ווילען לעבען און האבען דעם כח צו לעבען.

און דער וואס טענה'ט: דאס איז דאך ידוע, אז דאס יודישע פאלק געהט אונטער, זאגט ערשטענס, ניט ווילענדיג אפשר, א גרויסען ליגען, און צווייטענס, ער בעווייזט דערמיט, אז אין איהם שלאגט ניט דער פולס פון אלגעמיינען לעבען, מיט וועלכען עס איז דורכגעזאפט דאס יודישע פאלק.

---

## IV.

„דאס איז דאך ידוע, אז די עקאנאמישע לאגע פון די יודען ווערט אלץ ערגער און ערגער", — דרשה'נען די ארציים. און ווידער מוז איך פראטעסטירען מיט דער גאנצער קראפט וואס איך פערמאג. פון וואנען נעהמט זיך אזא מיינונג? צו קען מען דען בעווייזען, אז ביי א פערענדערטע אלגעמיינער לאגע אין רוסלאנד וועט זיך ניט אויסבעסערן דער עקאנאמישער מצב פון די יודען? צו ווייסען ניט די „ארציים", אז „ראוונאפראווע" אין רוסלאנד בעטייט פאר יודען א טויץ אונאנדאס? צו קענען זיי אבלייקענען, אז צעהנדליגער סבות ברענגען דערצו, דאס די קייטען וואס דריקען דעם יודען אין עקאנאמישען לעבען מוזען פריהער אדער שפעטער פאלען?

אדער צו ווילען זיי פערגלייכען דאס גרויסע רוסישע לאנד מיט דעם ארעמען גאליציען, און מאכען א גזרה שוה: אקוראט, ווי אין גאליציען האבען די גלייכע רעכטע ניט געראטעוועט דעם יודען פון עקאנאמישען ניעדערגאנג, אזוי וועט אויך.. א. ז. וו.

פשט'לעך זענען אבער קיין ראיות ניט... אויך די טענה דאס ביז איצט האבען זיך די בעלי־מלאכות ניט בענוצט מיט זייער רעכטע צו לעבען אין גאנץ רוסלאנד, על כן וועלען זיי זיך אויך ווייטער ניט בענוצען, — אויך דאס איז נור א קינדישע טענה.

דען כל זמן דער בעל מלאכה קען ניט מיטנעהמען מיט זיך זיין מלמד, זיין חזן, זיין רב א. ז. וו., מוז ער זיך אבזאגען פון די רעכטע, וועלכע זענען נור האלבע רעכטע, ביי א אלגעמיינער „ראוונאפראווע" וועט דער בעל מלאכה מאסען־ווייז אויסוואנדערן אין די אינערע גובערניעס. — קורץ דאס וואס ביי די ארציים איז אזוי „ידוע" איז דערווייל ביי מיר, ווי ביי אסך, אסך אנדערע נאך גאר ניט ידוע. איבריגענס, אויך ביי זיי איז דאס אפטמאהל מעהר עקשנות און דרוש חאטש זיי רעדען דערפון, ווי וועגען א ידוע׳דיגע זאך.

די טעריטאריאליסטען, ווי אויך א סך פון די אויבערפלעכליכע ציוניסטען, פערשטעהען ניט דעם ציוניסטישען פאסטולאט, וואס לערנט, דאס אונזער עקאנאמישע לאגע קען באין אופן ניט זיין נארמאל, כל זמן דאס פאלק וועט ניט בעזיצען א לאנד, דאס הייסט א מאטעריעלען פונדאמענט, א וואו עס וועט קענען זיך פאלקאם ענטוויקלען.

זיי נעהמען דערפון ארויס, אז צו איטליכער צייט, אין איטליכען לאנד, ביי אלע בעדינגונגען מוז אונזער עקאנאמישער מצב ווערען אל׳ץ ערגער און ערגער. דאס איז אבער ניט ריכטיג.

די עקאנאמישע לאגע פון דער מאסע וועלכע לעבט צווישען א געוויסע פאלק (למשל, צווישען רוסען) קען גראד אין א געוויסע פעריאדע זיך אויפהייבען צום בעסערען. און דאס איז דורכאויס ניט קיין סתירה קעגען ציוניזם וואס טענה׳ט, אז דאס יודישע פאלק אין גלות האט ניט קיין צוקונפט אין עקאנאמישען זינן. דען די צוקונפט הענגט אב דערפון, צו וואכסט ביי אונז אויך׳ן נאטירליכען אופן די עקאנאמישע מאכט, אדער צי איז אונזער מאכט נור די סבה פון אונזערע שכנים׳ס אהנמאכט. די יודישע מאסע אין רוסלאנד, למשל, איז בכלל א פאלק פון פערמיטלער. די געשיכטע האט עס געצוואונגען זיך איינזייטיג צו ענטוויקלען. זי האט עס אבגעריסען פון אקערבוי, דורות לאנג דערוויטערט פון מלאכות א. ז. וו., קורץ, זי האט דעם יודען איבערגעלאזען נור איין איינציגע מעגליכקייט, ווי עקאנאמיש זיך דערהאלטען. כל זמן רוסלאנד וועט זיך נויטהיגען אין פערמיטלער, וועט (אין פאל פון ראוונאפראווע) זיך דער מצב פון יודען הייבען צו גוטען. ווי באלד אבער רוסלאנד וועט דערוואכסען צו א העכערע מדרגה פון קולטור און בילדונג וועט ממילא פאלען די ווערדע פון פערמיטלער און פון פערמיטלערפאלק, און עס וועט זיך שוין אנהויבען די ריכטיגע צייט פון ירידה, א צייט, וואס האט שוין קיין ברעג ניט. דעריבער איז די צוקונפט פון יודישען פאלק אין רוסלאנד א שלעכטע, א האפנונגסלאזע, חאטש קיין פערנינפטיגער ציוניסט וועט ניט לייקענען א רגע, דאס עס שטעהט נאך דעם יודישען פאלק בעפאר דורכצולעבען א געוויסע פעריאדע אין רוסלאנד אין א בליהענדען עקאנאמישען מצב.

די טעריטאריאליסטען, וועלכע ווירקען אויף אונז מיט אלע מיני סטראשונקעס בכדי אז מיר זאלען וואס גיכער אנעהמען אלערליי לייכטזיניגע פראיעקטען, ווילען ניט פערשטעהען דעם פשוט׳ן חלוק צווישען דעם אלגעמיינעם נאציאנאליסטישען זאץ, וועלכער בעוויזט, אז מיר האבען ניט קיין עקאנאמישע צוקונפט אין גלות, אין דעם פראקטישען ספעציעלען זאץ, וועלכער ערקלערט, דאס די נאהענטע צוקונפט בעדראהט אונז ניט מיט קיין עקאנאמישע ירידה, נור גאר אומגעקעהרט, מיט א פעריאדע פון א פערהעלטניסמעסיגער עקאנאמישער אויפבליהונג.

די טעריטאָריאַליסטען שרעקען אונז נאָך מיט דעם איינוואַנדערונגס גורל אין ענגלאַנד, און מיט די געזעצען וועגען עמיגראַציע אין אַמעריקא, קאַנאַדאַ, טראַנסוואַאל א. ז. וו.

דערוויל אָבער ווי בעקאַנט קענען די געזעצען נור שאַדען מענשען מיט אַנ־שטעקענדיגע קראַנקהייטען, פערברעכער, אַלטע לייט, קאַלעקעס א. ד. ג. איך צווייפעל אַ מינוט ניט, דאָס פאַר אַלע די פערזאָנען וועט אויך אוגאַנדאַ זיין פערמאַכט, ווי מיט צעהן שלעסער. דער אייגענער ה. חזן, וואָס פערוועגדעט זיין גרויסער רעדנער קראַפט פאַר'ן טעריטאָריאַליזם וועט ניט ראַטהען צו גרינדען פאַר די אויבענגעצייכנעטע פערזאָנען אַ טעריטאָריום.

די עמיגראַנטען־פראַגע קען דורך אוגאַנדאַ ניט פערענטפערט ווערען. אויף די פראַגע וועלען מיר מוזען ענטפערן דורך ספעציעלע חברות, וועלכע וועלען אַנווענדען די נייטהיגע מיטלען, אום איינצואָרדנען ווי ווייט מעגליך די יודישע עמיגראַציע.

אַלע די „ידוע״דיגע טעמים ברענגען די טעריטאָריאַליסטען נור צוליעב איין ציעל. זיי ווילען אונז בעווייזען, אַז מיר טאָרען אַ רגע ניט וואַרטען, מיר מוזען זיין אַ „עם פזיזה״. מיט דער אייגענער האַסטיגקייט, ווי מען זופט אָב אַ וואָכעדיגען מעריב, מוזען מיר זעהען גיך, גיך, וואָס גיכער אַריינכאַפּען אַ טעריטאָריום. ה׳ צייטלין שרייט, עס איז ניטאָ קיין צייט, די טעריטאָריאַליסטען און די חברות שרייען איהם נאָך, און אַלע צוזאַמען האַלטען אונז אַ חלף אויפ'ן האַלז און טענען: קלייב אויס איינס פון די ביידע: אָדער אַ גיכען טויד אָדער אַ גיכע גאולה.

ווי באַלד אָבער אַז עס פאַלען אָב אַלע די ידועה'דיגע טעמים, שטעהט שוין ממילא אויף די פראַגע: וואָס איז דאָס איילעניש? וואָס לאָזט איהר, ארציים, אונז ניט אַרבייטען מיט דעם רוהיגען טאַקט ווי דאָס פאָדערט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע בעוועגונג? פאַר וואָס פערשמוצט איהר די אַרבייט פון די, וואָס ווילען זיך ניט אַריינלאָזען אין אַלערליי שטרויהענע פראָיעקטען, ווי אוגאַנדא און דאָס גלייכען?

צו גלויבט איהר ווירקליך, אַז ראובן איז געוועזען אַ בלינדער און יוסף האָט איהם געפיהרט ביים הענדטעל? צו האַלט איהר אין דער אמת'ען פון אַלע די ידועה'דיגע טעמים? אָדער צו געפינט זיך אַ אַנדער ערקלערונג פון וואַנען עס האָט זיך גענומען אַזאַ טיפע פעראַכטונג צום ציוניזם?

אום אָבער צו געבען אַ ענטפער אויף אַלע די פראַגען מוזען מיר זיך נאָך קורץ בעקענען מיט אַ נייע טעריטאָריאַליסטישע „ט ה ע אָ ר י ע״, מיט דעם „המוניזם״. כלל ישראל מעג זיך פרעהען. צו די פיעלע „איזמען״ איז צוגעקומען אַ נייער, איהר מעגט דאָס אויך אָנרופען „השחריזם״, אָדער נאָך דעם נאָמען פון זיין טאַטען ד״ר נחום סירקין: „סירקיניזם״.

---

## V.

קורץ פאַר'ן זעכסטען קאָנגרעס, נאָך פאַר דעם אוגאַנדאַ־פראָיעקט איז אַרויס פון אונטער ד״ר נ. סירקינס רעדאַקציע דאָס ערשטע העפט (עס איז אויך ווי עס שיינט דאָס לעצטע געבליבען) פון אַ נייעם זשורנאַל „המון״, אין לייטאַרטיקעל, וועלכער איז אויך גלייכצייטיג ערשיענען אין „השחר״ מאַכט דער רעדאַקטאָר אַ נייע

ענטדעקונג. ער רופט אָן מיט'ן נאָמען דעם איינציגען היסטאָרישען טרעגער, וועלכער איז מסוגל צו פערווירקליכען דאָס ענדציעל פון ציוניזמוס. און דער סאָציאַ־לער טרעגער איז — מיי'נט איהר ווער? — די יודישע מאַסע. וועט איהר דאָך פרעגען, וואָס איז דאָס פאַר אַ ענטדעקונג, דאָס ווייסט דאָך איטליכער יונגעל, וועלכער פּאָלעמיזירט געגען אחד־העם? אויף דעם וועט אייך סירקין ענטפערען: ווער הייסט אייך געברויכען דאָס בעקאַנטע וואָרט מאַסע, בענוצט דאָס נייע וואָרט „המון", און איהר וועט קריגען אַ נייען טרעגער פון דער ציוניסטישען בעוועגונג. אַט אַזוי מאַכט מען ענטדעקונגען, אַט אַזוי פערדרעהט מען היהנערשע קעפּ ווי באַלד מען גיט זיי אַ נייען נאָמען פאַר אַ אַלטען אינהאַלט! אַט אַזוי בעשאַפט מען אַ ווירוואַר, ווי באַלד מען שליידערט אַרויס אַ נייען טערמין פאַר אַ אַלטען בעגריף, קענען וועלכען קיינער קריעגט איינענטליך ניט.

דען ווער פון אונז קען אָבלייקענען די אַלטע און ריכטיגע רעד וועגען די לאַגע פון דער יודישען מאַסע, וועלכע ה' ליטוואַקאָוו, סירקינ'ס אַ תלמיד, אַ המוניסט („הדור" Nr. 35) גיט איבער מיט פאָלגענדע ווערטער: „די מאַסע איז דער צענטער פון אונזער נאַציע. ער איז דער הויפּט — און פאַסט דער איינציגער טרעגער פון אונזער קולטורעלען עבר און פון אונזער צוקונפטסאידעאַלען. און די לאַגע פון דער מאַסע איז שרעקליך. די ערד ציטערט אונטער איהר. און זי האָט ניט קיין שום האָפנונג צו געפינען זיך אַ פּלאַץ אין דער היינטיגער געזעלשאַפט. מען שטויסט זי אַרויס פון אַלע אַרבייטסצווייגען, זי האָט ניט קיין עקאָנאָמישען פונדאַמענט, און דערום האָט זי ניט קיין געגענוואַרט, קיין צוקונפט אין די לענדער פון אונזער גלות. סיי פּאָליטיש, סיי סאָציאַל קען זי קיין מאָל ניט שפּיעלען קיין ראָלע אין די גלות־לענדער... אין קאַמפף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, מיט וועלכע עס צייכענט זיך אויס אונזער צייט פערנעהמט זי אַ ספּעציעלען אונגליקליכען פּלאַץ. אין דער צייט ווען דער קריסטליכער מיטעלקלאַס, רואינירט פון קאַפּיטאַליזם, געפינט זיך אַ נייעם פּלאַץ צווישען די רייהען פון פּראָלעטאַריאַט,— איז דער דאָזיגער איבערגאַנג פאַר דעם יודישען געפאַלענעם מיטעלקלאַס אַ אונמעגליכע זאַך. די קליינפאַבריקאַציע אין דער קליינקאַפּיטאַליזם געהט ביי אונז שנעלער אונטער, ווי ביי אַנדערע פעלקער, און אין דער אייגענער צייט איז זעהר שווער פאַר די געפאַלענע בעלי־הבתים, פאַר דעם פערמאַטערטען קרעמער און פאַבריקאַנטעל צו געפינען אַ אָרט אין אַרבייטערקלאַס. פיעלע און וויכטיגע סבות פערלאָזען זיי ניט דערצו".

איטליכער דענקענדער ציוניסט האָט שוין ניט איינמאָל נאָך פאַר סירקינען און ליטוואַקאָווען ענטוויקעלט די זעלבע געדאַנקען. און דערנאָך גלויבען די המוניסטען, אַז זיי זאָגען עפּיס נייעס נור דערפאַר, ווייל זיי געברויכען אַנשטאָט מאַסע דאָס וואָרט „המון".

ווי עס ווייזט אויס האָבען די המוניסטען אַליין דערטאַפּט, אַז מיט'ן נייעם וואָרט „המון" האָבען זיי נאָך גאָר ניט אויפגעטהון, און דערום זוכען זיי אויסצושיידען דעם המון פון דער גאַנצען יודישען מאַסע, ד. ה. געפינען אַזעלכע סמנים אין אַ געוויסען טייל פון דער יודישען מאַסע, וועלכע פערדיענט אָבגעטהיילט צו ווערען אין אַ בעזונדערע גרופּע און צוטראָגען אַ בעזונדערען נאָמען.

זיי זאָגען: אונטער „המון" פערשטעהען מיר דעם טייל פון דער יודישען מאַסע

וועלכע איז געצוואונגען פֿריהער אָדער שפּעטער צו עמיגרירען פֿון איינע גלות־לענדער אין אַנדערע. ובכן איז דער המון דאָס איינענע וואָס די יודישע עמיגראַנטען מאַסע.

הייסט דאָס אַלע אַנדערע טהיילען, ווי די קרעמער, קליינע פֿאַבריקאַנטען, זעהאַפּטע בעלי מלאכות, צעהנדליגער טויזענד אַרבייטער ווערען אויסגעשלאָסען פֿון דער יודישען מאַסע? זיי זענען ניט די טרעגער פֿון אונזער נאַציאָנאַלע שטרעבונגען?

ווער שליעסט זיי אויס!— ענטפֿערן די המוניסטען. לייענט גענוי נאָך אַמאָל דורך ליטוואקאָווס אייביגע רעד, און איהר וועט זיך איבערצייגען, אַז עס איז כמעט ניטאָ איין קלאַס ביי יודען, חוץ די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע זאָל פֿריהער אָדער שפּעטער ניט אַריינפֿאַלען אין די עמיגראַנטען־מאַסע.

אויב יאָ אַזוי טאָ מיט וואס אונטערשיידעט זיך דער המון פֿון דער יודישען מאַסע, וועלכע איז בכלל פֿערטרעטען צו זיין אַ עמיגראַנטען־מאַסע, צו זיין דער היסטאָרישע טרעגער א. ז. וו. א. ז. וו.?

אויף די לעצטע פֿראַגע איז טאַקי קיין תרוץ ניטאָ. די המוניסטען נאַרען זיך און אַנדערען אָב ווען זיי מיינען, אַז זיי האָבען האַטש מיט עפּיס דערטיעפֿט דעם בעגריף פֿון אונזער עקאָנאָמישען נויט. אַלע די אָבנאַרערייען וואָלטען קיינעם ניט געשטעפּעט. זאָלען זיך יונגע סטודענטליך און נערוועזע קינדער פֿרעהען מיט נייע ווערטער, ווי באַלד זיי לייגען אַריין דאַרין ריכטיגע בעגריפֿען. זאָל הערר ליטוואקאָוו יצענדיג אין פּאַריז רעדען אין נאָמען פֿון דער גרויסען יודישען מאַסע, נעהמען אחריות׳ן פֿאַר איהרע אידעאַלען און פֿאַר איהרע געפֿיהלען. קיינעם קען דאָס ניט שאַדען.

אַ ביסעל מאוס ווערט אָבער די מעשה, ווען פֿערבלענדעט פֿון אַ נייעם וואָרט רעדען זיך די סירקינס און ליטוואקאָווס איין, אַז זיי האָבען עפּיס אַ ספּעציעלען „קוק" אויף אונזער בעוועגונג; און נעהמען אָן בלא יודעים אַ פֿיינדליכע שטעלונג קעגען ציוניזם.

ליטוואקאָוו, אַ גוטער תלמיד פֿון זיין קאָפּקלאַרען רבין ד״ר סירקין לאַכט אָב מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען (אויך געבאָרגט פֿון סירקינען) ,פֿון די אַלטע חובבי ציון, פֿון די שפּעטערע פּאָליטישע ציוניסטען און פּראַקציאָנערען. אַלע די געהערען ניט צום המון, על כן — שפּייט אויף זיי. ז׳ י׳. דער מישמאַש פֿון די ניין־זאַגערס, „בעלי־הבתים׳לעך", זענען ניט מסוגל צו וועלען באמת אַלאַנד. דען די „בעלי־הבתים׳לעך זענען גאָר ניט פֿעראינטערעסירט צו פֿערלאָזען דאָס גלות־לאַנד, ווייל, סוף כל סוף איז זייער עקאָנאָמישע לאַגע ניט אַזוי שלעכט. אַז זיי זאָלען מוזען עמיגרירען (ער האָט שוין פֿערגעסען, וואָס ער האָט מיט אַ ווייַלע פֿריהער געזאָגט) זיי קענען נאָר חלומ׳ען וועגען אַ לאַנד, טהון עפּיס פֿאַר דעם זענען זיי ניט בכח. דעריבער ווי באַלד הערצל האָט זיי פֿאָרגעלעגט דאָס אוגאַנדאַ־פּראָיעקט זענען זיי געוואָרען שטאַרק מבולבל. ס׳טייטש, וועגען אוגאַנדאַ וועט מען דאָך ניט קענען חלומ׳ען, ווי וועגען פּאַלעסטינאַ, מען וועט דאָך מוזען עפּיס נעהמען באַלד טהון, מען וועט דאָך באַלד מחויב זיין איינצופּאַקען דעם טשעמאָדאַן און נעהמען אַ ביליעט קיין אוגאַנדאַ! אויף קיין פֿאַל אין דער וועלט! ניין! האָבען זיי אַלע אנגעשריי גע־וגעבען פה אחד! מיר נעהמען ניט קיין שיפֿסקאַרטען!— אָט אַזוי שרייבט אַ המוניסט די היסטאָריע פֿון זעכסטען קאָנגרעס. אָט אַזוי מאָלט זיך ביי סירקינס אַ תלמיד די

פּסיכאָלאָגיע פֿון די ניין־זאָגערס. דאָס נייע וואָרט האָט איהם מבולבל געמאַכט, און פֿון זיין אונקלאָרען מוח פֿליעסען שכל'דיגע געדאַנקען, ווי פֿון אַ פֿינפֿיאָהריגען קינד בן־פורת'ל!

ווענען די שפּיעלערייען מיט נייע ווערטער וואָלט ניט געלוינט צו רעדען אַ וואָרט. אין די ענגע דומפּפּע צימערען פֿון אונזערע הונגעריגע סטודענטען אין בערן, פּאַריז, בערלין ווערען אַלע ווײַלע געבאָרען נייע ווערטלעך. עס איז שוין געווען אַ „סוואָבאָדנאַיאַ יודעיאַ", אַ „סאָציאַליסטישער ציוניזם". עס איז שוין אויך געווען אַ טעראָריאַליסטישער ציוניזם מיט אַ מגן־דוד און אַ טויטען קאָפּ אַלס חברה־שטעמפּעל. אַליך איז געווען. זאָלען זיך די קינדער שפּיעלען. טרויעריג אָבער ווערט אַ ביסעל ווען די שפּיעלערייען פֿאַלען אַריין אין דער יודישער פּרעסע אלס נייער בעוויז, אַז נור דער טעריטאָריאַליזמוס קען אונז ראַטעווען.

הערר ליטוואַקאָוו, דער תלמיד פֿון סירקין ווייסט נעבאך ניט, אַז דער המוניזמוס האָט ביז'ן זעכסטען קאָנגרעס פֿון קיין אַנדער לאַנד אויסער פּאַלעסטינאַ ניט געוואוסט (לייען „המון"). די אייגענע ראיות וואָס דער „המון" ברענגט פֿאַר פּאַלעסטינאַ, ברענגט היינט דער תלמיד פֿאַר אוגאַנדא. ווען אָבער די אייגענע ראיות פּאסען סיי פֿאַר פּאַלעסטינאַ, סיי פֿאַר אוגאנדא, — מוז דאָך מן הסתם זיין אַ טעות אין חשבון.

איך האב זיך אַ ווײַלע לענגער אָבגעשטעלט אויפֿ'ן המוניזמוס, ערשטענס ווייל איך וויים ווי שעדליך עס זענען נייע פּוסטע ווערטער פֿאַר די יונגע ציוני'סטישע חברות. צווייטענס דעריבער ווייל דער טעריטאָריאַליזם, פֿיהרענדיג וכוחים מיט'ן ציוניזם בייט אַלע זיינע האָפֿנונגען אָדער אויף דעם שטאַרקען יודישען פּראָלעטאַריאַט, אָדער ער פּלאַפּערט נאך סירקינס רעד ווענען אַ ספּעציעלער מאַסע מיט'ן נאמען „המון", וועלכע איז אַליין מסוגל צו גרינדען אַ טעריטאָריום.

אין די פֿריהערע קאפּיטלעך האבען מיר געוויזען אין וועלכע סתירות עס פֿאַלט אריין דער טעריטאָריאַליסט, ווען ער טהיילט אויס פֿון דער גאנצען יודישען מאסע נור איין געזונדען קלאַס, דעם פּראלעטאריאט. דא האבען מיר ענטפּלעקט די פּוסטקייטען פֿון ווארט המון, און געוויזען, אַז צווישען בעגריף „המון" און דעם בעגריף „יודישע מאסע" איז ניטא קיין פּרינציפּיעלער אונטערשייד, אַז די חלוקים וואס די המוניסטען מאכען זענען נור שפּיעלערייען און פּלפּול.

---

VI.

דער אויפֿמערקזאמער לעזער האָט בעמערקט, דאָס סיי דער טעריטאָריאַליזם אין דער פֿאָרם פֿון ה. ציטלין און אַנדערע, סיי אין דער פֿאָרם פֿון די המוניסטען (ד"ר סירקין — ליטוואַקאָוו) טענה'ן, אַז פֿון דער אַלגעמיינער מאַסע האָט זיך שוין אָבגע־טהיילט אַ אונטערשיידבארער קלאַס, דאָ אַ המון, דאָרטען אַ פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז בכח אויסצופֿיהרען די שווערסטע נאַציאָנאַלע אַרבייט. אָדער, קירצער גערעדט, דאָס יודישע פֿאָלק צופֿאַלט אין אַ נאַציאָנאַל רעאַקציאָנערע צופֿוילטע מאסע און אין אַ קראַפֿטפֿאָלע פּראָגרעסיווע. און זיי, די טעריטאָריאַליסטען, שטעלען זיך אויף דער זייט פֿון דעם געזונדען טייל פֿון פֿאָלק, שפּייען מיט פֿעראַכטונג אויף די ציוניסטען די

פֿערשלאָפֿענע בעלי־הבתים'לעך, אוּן פֿערטרעטען דעם גייסט פֿוּן די וועלכע טראָגען אויף זייערע פּלייצעס די צוקוּנפֿט פֿוּן דער יודישען נאַציע.

פֿוּן וואַנען נעהמט זיך דאָס ביי זיי אַזאַ שגעון? אוּן דאָ קוּמען מיר צוּ דעם ע נ ט פֿ ע ר אויף די פֿראַגען, וועלכע מיר האָבען געשטעלט צוּם סוף פֿוּן קאַפּיטעל IV.

די געשילדערטע טעריטאָריאַליסטען קענען ניט פֿערטראָגען אַ בעוועגוּנג, וועלכע האָט נאָך ניט צוּגעצויגען גרויסע פֿאָלקסמאַסען. זיי האָבען נוּר אַ השגה פֿאַר מאַסענבעוועגוּנגען, זיי האָבען קיין חוש ניט פֿאַר די שטילע, קוואַלפֿוּלע היסטאָרישע אַרבייט פֿוּן הויפֿלעך אינטעליגענטען. זיי האָבען אַ פֿאַלשע פֿאָרשטעלוּנג פֿוּן דעם נאַטירליכען גאַנג פֿוּן אַ סאָציאַלער בעוועגוּנג. כל זמן זי שלעפּט מיט זיך ניט מיט גרויסע מאַסען האָט זי פֿאַר זיי קיין ווערטה ניט. זיי פֿערשטעהען ניט דאָס די מאַסען קוּמען ערשט דעמאָלט ווען עס זענען שוין פֿאַרטיג פֿאַר איהם ברייטע וועגען, ווען אַלץ איז שוין אָנגעגרייט צוּ אַ גיכען נצחון. די מאַסע, ווי אַ שטיק עכטע נאַטוּר, האָט פֿיינד צוּ זיין אַ אידעאַלער קרבן. זי איז שטאַרק עגאָאיסטיש, זי איז נוּר גרויס נאָכגיעביג צוּ זיין, גרויס צוּ ליידען אוּן שווייגען. נוּר דעמאָלט נעהמט זי זיך פֿאַר אַ פֿרוּכטבאַרע טהעטיגקייט, ווען דער זאַמען, פֿערזייט פֿוּן יחידים, האָט שוין איבערגעפֿוילט אוּן גיעט שוין די ערשטע שפּראָצוּנג.

כל זמן דער ציוניזם האָט פֿערשפּראָכען אַ טשאַרטער אוּן ממילא א גיכע מאַסענבעוועגוּנג האָבען די טעריטאָריאַליסטען געגען ציוניזם גאָר ניט געהאַט. דעמאָלט האָבען זיי נוּר פֿילאָזאָפֿירט מכח דעם, וועלכער טהייל פֿוּן דער יודישען מאַסע, וועט גיכער פֿאַר אַלע אַנדערע צוּשטעהען צוּם ציוניזם. איצט אָבער, בעת הערצל האָט זיך אָבגעזאָגט פֿוּן אַ טשאַרטער אויף פּאַלעסטינאַ, האָבען זיי זיך אָנגעהאַפּט פֿאַר'ן טעריטאָריאַליזם, ווי פֿאַר די איינציגע מעגליכע מאַסענבעוועגוּנג.

דער פּאָליטישער ציוניזם רעכענט זיך מיט די מאַסען, ב ו י ט אָ ב ע ר נ י ט אויף די קוּרצזיכטיגע מאַסענפּסיכאָלאָגיע. פּאָליטיש דענקענדע ציוניסטען האָבען קיינמאָל אַ רגע ניט געצווייפֿעלט, דאָס מיט דער צייט וועט דער ציוניזם צוּ ציהען צוּ זיך די גרויסע מאַסען פֿוּן פֿאָלק. זיי האָבען אָבער גוּט פֿערשטאַנען, אַז די גרויסע מאַסען קענען ערשט אַרויסטרעטען אין די לעצטע אַקטען פֿוּן אוּנזער בעוועגוּנג, ניט גלייך אין דעם ערשטען, ווי עס ווילט זיך די טעריטאָריאַליסטען. שוין פֿוּן ערשטען קאָנגרעס אָן האָבען אויך מיר אוּן אוּנזערע אַגיטאַציאָנסרעדען אין אוּנזערע אַרטיקלען מתרה געווען, אַז דער ציוניזם זאָל ניט שפּיעלען אויף די פּראָסטע מאַסענגעפֿיהלען פֿוּן פֿאָלק. קוּרץ נאָכ'ן צווייטען קאָנגרעס האָט מ. נאָרדוי געשריעבען, דאָס ווען מיר וועלען צוּפֿריה קריעגען אַ טשאַרטער, וועט דאָס זיין אַ אוּנגליק פֿאַר אוּנזער בעוועגוּנג. דען מיר וועלען קריעגען צוּפֿריה א מ א ס ע נ ב ע וו ע ג וּ נ ג, פֿאַר וועלכע מיר זענען גאָר ניט פֿאָ־בערייט. דער גאַנצער „קולטור־קאַמפּף" פֿוּן דער דעמאָקראַטישען פֿראַקציע, פֿוּן וועלכער ליטוואַקאָוו לאַכט אַזוי אָב האָט פֿערפֿאָלגט איין ציעל: פֿאָרצוּבערייטען א שטאַרקע, פֿעסטאיבערציינגטע פֿאָלקס־אינטעליגענץ, וועלכע זאָל קענען מאַכען די ערשטע טריט צוּ דער פֿערווירקליכוּנג פֿוּן אוּנזערע אידעאַלען. די דאָזיגע פֿראַקציע טראָגט (איבריגענס, ניט גאַנץ ריכטיג) דעם נאָמען „דעמאָקראַטישע", ניט דערפֿאַר, ווייל זי האָט געחלומט פֿוּן מאַסענבעוועגוּנגען, נוּר פֿוּן א פֿאָלקסאינטעליגענץ. דער פּאָליטישער ציוניזם האָט שטענדיג געוואוּסט, אַז זיינע פֿאָרלויפֿיגע דיענער זענען די יודישע אינטעליגענץ, וועלכע געפֿינט זיך אוּמעטוּם

ביי די אָרעמע און רייכע קלאַסען פֿון יודישען פֿאָלק: אז פֿון דער גאַנצען מאַסע קען מען ניט פֿערלאַנגען דאָס זי זאָל צושטעהען צו א בעוועגונג, וועלכע פֿערשפּרעכט ניט קיין באַלדיגע גאולה, קיין „קצים" און קיין באַלדיגע ערלייכטערונג פֿון טעגליכען עקאָ־נאָמישען דרוק. קלאָר אין זיינע אנשויאונגען און ציעלען האָבען זיך זיינע בעסטע פֿערטרעטער אָבגעזאָגט פֿון א דעמאַגאָגישער אגיטאציע, וועלכע קען נור געבען א קור־צען פּוסטען ערפֿאָלג, דערביי אָבער ברענגען דערנאָך א גרויסען שאָדען.

אום אָבער ניט צו בלייבען דערוויטערט פֿון טעגליכען לעבען, פֿון די יודישע פֿאָלקסמאַסען האָט דער פּאָליטישער ציוניזם אריינגענומען אין זיין פּראָגראַם די געגענ־ווארטסארבייט; אלע די ארבייטען, וועלכע פֿערבינדען די אינטעליגענץ מיט דעם פֿאָלק אין אלע זיינע לעבענסאינטערעסען, און וועלכע געבען איהר די מעגליכקייט אין א געוויסען גרענעץ צו הייבען די קולטור פֿון פֿאָלק, צו פֿערגרעסערען די צאָהל פֿון דער פֿאָלקסאינטעליגענץ און צו דערנעהערען די מאַסען צו נאַציאָנאַלע שטרעבונגען.

דער פּאָליטישער ציוניזם האָט אין זיך צוויי זייטען. צוליעב רייין היסטאָרישע טעמים איז ער געצוואונגען נאָך א צייטלאַנג צו ארבייטען אָהן מאַסען, נור מיט די וויניגע הויפֿלעך פֿון דער פֿאָלקסאינטעליגענץ. צוגלייך האָט ער די אויפֿגאַבע דורך די געגענוואַרטסארבייט פֿאָרצובערייטען גרעסערע מאַסען פֿון פֿאָלק פֿאַר די קומענדיגע גרויסע קאָלאָניזאציע.

אויך די טעריטאָריאַליסטען ווייסען, אז די יודישע מאַסע בכלל קען מען היינט נאָך ניט צוציהען צו קיין שום בעוועגונג. נור אזוי ווי זיי קענען אָהן מאַסען זיך ניט ריהרען, מוזען זיי דאָך אין זייערע טהעאָרעטישע געדאַנקען אויסשיידען פֿון דער אַלגעמיינער מאַסע אזא טייל, וועלכע איז שוין פֿאַרטיג צובויען שטאַאַטען, צו פֿערנעה־מען טעריטאָריען א. ז. וו. מאַנכע טעריטאָריאַליסטען זעהען דעם טייל אין דעם פּראָ־לעטאַריאַט און אין די חברות „פּועלי ציון". אנדערע טראַכטען זיך אויס פֿון קאָפּ א נייעם יודישען קלאַס „המון", פֿון וועלכען קיין מאַרקסען און קיין סאָציאָלאָגען האָט זיך נאָך דערוויילע ניט געחלומט.

ביי'ן שרייבטיש קלערט מען זיך אויס פֿערשיעדענע טהעאָריען, וועלכע זאָלען בעפֿרידיגען דעם וואונש פֿון טעריטאָריאַליסטען צו זעהען האָטש מאָרגען א טהעטיגע קעמפּפֿענדע מאַסע.

בכן ערקלערט זיך די שנאה פֿון די טעריטאָריאַליסטען צום ציוניזם ניט דערפֿון, ווייל זיי גלויבען אין די אויבען אָנגעפֿיהרטע „ידועה"־דיגע טעמים, נור ער נעהמט זיך פֿון גאָר א אנדער קוועלע.

די טעריטאָריאַליסטען, — נערוועזע, פֿיעבערהאַפֿטע פּאָליטיש נויטערצויגענע מענשען — ווילען ניט בעגרייפֿען דעם היסטאָרישען גאַנג פֿון אונזער בעוועגונג. זיי פֿערלאַנגען אונגעדולדיג די פֿיש פֿאַר'ן נעץ. זיי ווילען אָהן א שום פֿאָרבערייטונג דעמאַ־גאָגיש אויפֿרייצען די מאַסען, בכדי אין אונזער קלייזלעך און אסיפֿות זאָל זיך הערען וואָס גיכער דער געפּילדער פֿון מאַסענשטימען.

כל זמן די טשאַרטערפּאָליטיק פֿון הערצל האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט לייכטזיניג אָנצופֿייערען די מאַסען האָבען זיי זיך גאַנץ גוט געפֿיהלט אין ציוניסטישען לאַגער. ווי באַלד אָבער דער ציוניזם האָט געקראָגען א טיעפֿערען האַראַקטער, א שטילערען, האָבען זיי ממילא געמוזט ווערען די שונאים פֿון איהם.

די היינטיגע טעריטאָריאליסטען זענען די איבערפלעכליכע, די אמאָליגע פלאכע ציוניסטען, וועלכע קענען ניט לעבען אָהן עפעקטען, פייערווערק און בענגאלישען ליכט. זיי זענען ניט די פּאָליטיקער אין דער בעוועגונג, נור די פּאָליטיקאנען, און דער פּאָליטיקאן איז דער אייביגער פיינד פון אמת'ען פּאָליטיקער.

דער בעסטער בעווייז פאר מיינע רייד איז דער, דאָס די היינטיגע טעריטאָריאליסטען זענען ניט ערשט נעכטען געקומען צו אונז. זייט יאָהרען זעהען מיר זיי אין אונזערן בעוועגונג, די אייגענע מענשען, וואָס האָבען אין די ערשטע קאָנגרעסיאָהרען אזוי געפלאמט פאר ארץ ישראל, שרייען היינט מיט דער זעלבער היץ: אוגאנדא. די טעריטאָריאליסטען זענען ניט קיין נייער אָקאָרסט ארייגעטרעטענער קלאס אין אונזער בעוועגונג. עס זענען די אייגענע „בעלי הבתים הגונים“, די אייגענע אינטעליגענץ פון פריהער. און ווען זיי טהוען זיך אָן א מאסקע און שטעלען זיך ארויס פאר פערטרעטער פון ניט עקסיסטירענדע קלאסען אין פאָלק — נארען זיי דערמיט קיינעם ניט אָפּ.

די נשמה פון די טעריטאריאליסטען ווי די נשמה פון מיטעלען פאָלקסאגיטאטאָר פאָדערט מאסען פאר זיך, דערמיט, אז זיין דרשה זאָל אויסקומען ווארם.

אָהן מאסען קען זי ניט ארבייטען. דעריבער חאפט זי זיך פאר אוגאנדא, אום נור ניט צו פערליערען די בימה פון דעמאגאָגען. די דעמאגאָגען פון פאלק זענען אָבער געראָד דער היפוך פון די, וועלכע מען רופט די דענקער פון פאָלק. —

---

* * *

—„זאָג מיין קינד מיר, וואָס דער רבי
האָט געלערנט היינט אין חדר,
און דערפאר וועל איך אויף פסח
דיר אויפנעהען נייע קליידער“.

—„איך די קשיות וועגען „מרור“—
האָב געלערנט היינט אין חדר
און נאָך קשיות, וואָס מען דאַרף זיי
אַלע פרעגען צו דעם „סדר“...“

— — — — — — — — — — —

—„זאָג, מיין קינד, וואָס זאָגט דער „חכם“
פון הגדה — — — און דער רשע? — — —
אויב דו ווייסט דאָס — איז אַ סימן,
אַז דו קענסט שוין גאָר גישקשה...“

—„וואָס דער רשע זאָגט — דאָס ווייס איך...
ווייל געלעזען האָב איך זיינע
שלעכטע ווערטער אין הגדה —
אָט די ווערטער די ניט פיינע...

אָבער, טאַטע, וואָס דער חכם
זאָגט — דאָס קען איך גאָר ניט וויסען...
ווייל דאָס בלעטעל — זיינע ווערטער —
„איז אין גאנצען אויסגעריסען...“

דווינסק. מאיר פאלק האָפּמאַנן.

---

# א אפּענער בריעף צום הערין י. גרינבערג.

מיין הערר! ערלויבט מיר אייך ענטפּערן אויף אייער „אָפענעם בריעף" צום A. C. אין וועלכען איהר האָט אונז אַלע געמיינט. איך שרייב אין מיין אייגענעם נאמען, דאָך קען איך אייך פערזיכערן, אַז זעהר פיעלע וואָלטען זיך אונטער מיין בריעף אונטערגעשריעבען.

* * *

פאַר אייך, מיין הערר, איז ערשט איצט דער מאָמענט געקומען די אוגאַנדאַ-פראגע נעהענטער צו בעטראַכטען, ווייל די „עקספּעדיציע" פאָרשט שוין אויס דאָס לאַנד.

און איך וויל אייך פרעגען: צו פיהרט מען זיך באמת אַזוי אין אַנדערע פּאַרטייען, אין אַנדערע בעוועגונגען (מיט וועלכע איהר זענט כלומרשט בעקאַנט) אַז צוערשט „פאָרשט" מען אויס פּראַקטיש אַ פאָרשלאַג נאָך איידער מען האָט איהם טהעאָרעטיש אָנגענומען? אייך איז, ווי אונז אַלעמען גאַנץ גוט בעוואוסט, אַז דאָס טהעאָרעטישע אויספאָרשען פון וואָס פאַר עס איז פראַגע איז פאַר דער פּראַקטישער. פאַרוואָס-זשע, הערר גרינבערג, מיינט איהר, אַז ערשט איצט איז „ניט צו פריה" טהעאָרעטיש דען אוגאַנדא-פאָרשלאַג אַרומצוקלערען? און וואָס וואָלט אַייער עקספּעדיציע געטהון, ווען מיר אַלע, נאָכדעם ווען מיר קלערען אַרום נאָהענט די פראַגע, קומען מיר צו דעם רעזולטאַט, אַז מיר ציוניסטען דאַרפען זיך ניט מיט אוגאַנדא בעשעפטיגען? צו וואָס דאַן די עקספּעדיציע וועלכע האָט אייך געקאָסט אַזוי פיעל מיהע? פאַרוואָס זענט איהר מיט אייער „אָפענעם בריעף" פאַר דעם זעקסטען קאָנגרעס ניט אַרויסגעטרעטען?

איז עס ניט אפשר דערפאַר, מיין הערר, ווייל ביי אייך אין בוזים-קעשענע ליגט שוין ווידער עפּיס אַ מין „פאָליטישעס דאָקומענטעל" מיט וועלכען איהר ווילט אונז אויפ'ן זיעבענטען קאָנגרעס איבעראַשען?

טהוט איהר ניט איצט דאָס וואָס איהר האָט געטהון פאַר דעם זעקסטען קאָנגרעס (לויט „בעל-מחשבות" בעשולדיגט אייך אָפען אין העפט II „די יודישע צוקונפט" 1905) ווען איהר האַט אין נאמען פון אונזער באַנק מיט דער בריטישער רעגיערונג פערהאַנדעלט, קיינעם ניט פרעגענדיג, אַזוי אַז אפילו דר. הערצל האָט זיך עס פון אייך דערוואוסט ערשט אַ פּאָר טאָג פאַר'ן קאָנגרעס?

און צו וואָס דאַרפט איהר איבערהויפּט אונזער הסכמה, נאָכדעם ווען איהר האָט ביי אייך גע-פועל'ט אין נאמען פון אָרגאַניזאַציע, אין נאמען פון באַנק, קיינעם ניט פרעגענדיג, אונטערהאַנדלונגען צו פיהרען?

* * *

איהר זעהט, אַז ביי אונז האָט אויסגעבראָכען אַ אמת-ר ברידער-קריעג, אַז די פריהער איינהייטליכע אָרגאַניזאַציע האלט — אַ דאַנק אייך — ביים צעשפּאַלטען ווערן, און אָט כדי אונז צו טרייסטען דערציילט איהר אונז אַז: אין יעדער בעוועגונג זענען פאַראַן „ענט-געגענגעזעצטע שטרעמונגען". נאָך וואָס, מיין הערר, רעדען אַזוי פאַרשטעלט אָנווענדענדיג דעם

סטערעאטיפען אויסדרוק „אין יעדער״? בלעטערט [דורך די וועלט-געשיכטע און ווייזט תאָטש איין בעוועגונג אַזעלכע, וואו עס קומען פאָר „ענטגעגענגעזעצטע״ שטרעמונגען?

פערשיעדענע מיינונגען, פערשיעדענע שטראָמען קומען פאר אין יעדען פעראיין אפילו — „ענטגעגענגעזעצטע״ שטרעמונגען קענען אָבער אין איין בעוועגונג ניט פאָרקומען. ווען איין שטראם פליעסט געגען דעם צווייטען, קענען דיעזע צוויי שטראָמען ניט געהערען איין פלוס. יעדע פאַרטיי, יעדע בעוועגונג האָט נור איין ציעל צו וועלכען זי שטרעמט, און אַלע קלענערע און גרעסערע שטראָמען האָבען, אין איין פאַרטיי, נור איין ריכטונג.

ביז'ן זעקסטען ציוניסטען קאָנגרעס האָבען מיר אין אונזער בעוועגונג אויך געהאַט פערשיעדענע שטראָמען, נור אַלע האָבען זיי געהאַט איין ריכטונג: ארץ־ישראל צו מאַכען פאַר אַ יודיש לאַנד; די איינצעלנע יודען — מאַכען פאַר אַ יודישעס פאָלק. איינער האָט געגלייבט אין אדעסער חובבי־ציון קאָמיטעט, דער אַנדערער האָט געהאָפט פיעל פון הרצל'ס קאָנסטאַנטינאָפּאָל־רייזען, דער דריטער האָט זיין גאַנצען כח אַוועקגעגעבען כדי ערגעץ אין אַ פינסטער שטעדטיל אַ חדר־מתוקן צו מאַכען און דאָרט געזעהן דאָס נייע אויפלעבען פון דער יודישער נאַציע, דער פיערטער האָט אין אַ ארץ־ישראל־שולע די הילף געזעהען א. אז. וו. א. אז. וו עס האָט אויך אָפט געטראָפען, אַז איינער האָט אָפּגעלייקענט די וויכטיגקייט פון דעם אַנדערנ'ס אַרבייט — נור אַ געגנער, אַ פיינד האָט קיינער אין קיינעם געזעהען — ווייל דאָס ענד־ציעל פון אַלע איז געווען איינס: די ווידער־אויפלעבונג פון יודישען פאָלק אויף דעם יודישען לאַנד.

איצט אָבער — פונ'ם 6־טען ציוניסטישען קאָנגרעס אָן — זענען ביי אונז פאַראַן באמת „ענטגעגענגעזעטצע״ שטרעמונגען, ד. ה. שטרעמען וועלבע לויפען, פליעסען, ניט נאָך איין ריכטונג, נור נאָך אַזעלבע ריכטונגען, וועלכע קענען זיך קיינמאָל צונויפקומען, נור פאַר־קעהרט, וואָס ווייטער — אַלס דערווייטערן זיי זיך איינס פונ'ם אַנדערן. אונזער לאַגע קענען מיר בעסער פערשטעהן, ווען מיר האַלטען אָט דאָס בילד פאַר אונזערע אויגען. מיר אַלע שטעהען אויף איין באַרג. דער באַרג איז פול מיט פייער. אַלע מאָל, קריכט אַרויס אַ פלאַם און פערברענט אונזערע טויזענדע, מאַכט אָן אַ חורבן צווישען אונז. מיר אַלע זעהען איין, אַז אויף דיעזעם פייער-שפייענדיגען באַרג קענען מיר ניט, טאָרען מיר ניט ווייטער שטעהן בלייבען, אויב מיר ווילען ניט אין גאַנצען פון און-רחמנות־דיגען פייער פערברענט ווערן. מיר מוזען אַוועק — אָט דאָס זעהען מיר אַלע איין. נור, עס פרעגט זיך: ווי־אַהין אַ וועק? ביז צום לעצטען קאָנגרעס האָט די „ווי־אַהין״ פראַגע ניט עקסעסטירט: מיר זענען אַלע געווען איויניג דערין, אַז אונזער אָרט צו וועלכען מיר דאַרפען שטרעבען ליגט דאָרט אין אַזיען, אין ארץ־ישראל. אייניג זענען מיר נור ניט געווען דעריבער: וועלכע מיטעל זאָלען מיר אָנווענדען כדי אַהין צו קומען. דאַמאַלס זענען מיר באמת געווען איין פאַרטיי און דערצו אַזאַ — וואָס האָט קלאָר געוואוסט וואָס זי וויל.

ניט אַזוי אַצונד. מיר שטעהען נאָך אויף דעמזעלבען פייער־שפייענדיגען באַרג און בעת איינער ווייזט אָן מיט דער האַנד נאָך ארץ־ישראל ווייזט אָן דער אַנדערער מיט זיין האַנד — נאָך אוגאַנדא, און דער דריטער שטעהט מיט צוויי אויסגעשטרעקטע הענד, אָהנווייזענדיג מיט איין האַנד נאָך ארץ-ישראל און מיט דער אַנדערער האַנד נאָך אוגאַנדאַ, און דער פיערטער פערשטעקט די ארץ־ישראל האַנד אין קעשענע —פאַר ארץ־ישראל, פאַר'ן „גע־פגר־טען לאַנד מיט די באַשי בוזוקען״ ציטערט ער נאָך מעהר ווי פאַר'ן פייער וואָס ברענט אַרום — און מיט דער צווייטער האַנד האַלט ער אין איין דרעהען, אָנווייזענדיג אויף אוגאַנדאַ, קאנגא, קאַנאַדאַ, אַרגענטינא און גלאַט אַזוי שווארצע פונקטען, וואו עס דאַכט זיך איהם, מען קען דארט אַ שטאַאַט אין 24 שעה אויסבויען.

און אָט דיעזע קאָמיש־טרויריגע לאַגע האָט איהר, הערר גרינבערג, אָדער אין גאַנצען, אָדער וועניגסטענס צום גרויסען טהייל בעשאַפען.

מערקט אייך אָבער נאָך דאָס, מיין הערר, אַז אויסער אונז שטעהן אויף דעמזעלבען וואולקאַן נאָך פערשיעדענע גרופען — וועלבע זעהען איין ווי מיר, אַז מיר טאָרען דאָרט ניט, מיר קענען דאָרט ניט לענגער בלייבען. איך וויל דאָ אנרופען איינע, מיט וועלכער איהר ווערט געווים ניט וועלען זיין אין איין פאַרטיי: דאָס איז די ציעל־בעוואוסטע אַסימילאַנטען־

גרופע, וועלכע פיהלט אויך מיט ניט וועניגער פון אייך, הערר גרינבערג, די צרות פון „די ליידענדע ברידער". און אָט דיעזע גרופע גלייבט ניט, אַז מיר קענען וועןּניט-וועןּ זיך צושלאָגען צו וועלכען ס'איז אָרט און דאָרט אויפלעבען, און דערפאַר, כדי אונז פון פייער צו ראַטעווען, פערלאַנגען זיי, מיר זאָלען אַלע זיך אויסמישען מיט די ארומיגע פעלקער און אויף דעם אופן פטור ווערן פון דער געפעהרליכער לאַגע. דיעזע גרופע האָט אויך אַ קלאָרעס ציעל פאַר זיך, גראָד ווי מיר האָבען ביז צום לעצטען קאָנגרעס אַ קלאָרעס ציעל — געהאַט. דיעזע גרופע האָט מיט רעכט אונז אַלס פיינד בעטראַכטעט, און מיר זיי — אַלס אונזערע ביטערע געגנער געגען וועלכע מיר האָבען געקעמפפט. צו דערפאַר ווייל מיר זענען אויף דעמזעלבען באַרג געשטאַנען, צו דערפאַר ווייל מיר האָבען דערין איינגעשטימט, אַז דאָרט אויפ'ן פייער-באַרג קענען מיר לענגער ניט אויסהאַלטען — צו דערפאַר האָט מען אונז אַלס איין פאַרטיי בעטראַכט? און פאַרוואָס מיינט איהר, הערר גרינבערג, אַז מיר מיט אייך זענען איין פאַרטיי? די אַסימילאַנטען-גרופע, גלייבט ניט אין אונזער אויפלעבען — זוכט די מיטעל וועלכע זאָלען אונז גיך פיהרען צום טויד, און איהר מיט אייער טעריטאריאליסטען-גרופע גלייבט ניט, אַז מיר וועלען אונזער לאַנד בעקומען — זוכט איהר זיך אַנדערע לענדער וויאַהין איהר ווילט דאָס פאָלק פיהרען. צו וועט איהר אַ לאַנד געפינען, און אז איהר וועט געפינען — צו וועט דאָס פאָלק אייך נאָכגעהן — דאָס איז אַ אַנדערע פראַגע. וויכטיג איז דאָס, אַז איהר זוכט אייך אַנדערע וועגען, אַנדערע ציעלען אַלס מיר ציוניסטען — טאָ פרעגט זיך, ווי אַזוי קענט איהר זיך רעכנען אַלס חברים פון דערזעלבען פאַרטיי ווי מיר? איז דאָך די אַסימילאַנטען-גרופע פיעל עהרליכער און מוטהיגער פון אייך, ווען זי זאָגט ווער זי איז און וואָס זי וויל — בעת איהר, ניט האבענדיג דען כח און דען מוטה אַ אייגענע ציעל-בעוואוסטע פאַרטיי אין יודישען פאָלק צו גרינדען — בעדעקט איהר אייך מיט אונזער מאַנטעל, און אַז מיר רייסען פון אייך און אייערע חברים די מאַסקע אַרונטער, מאַכט איהר אַ בייז פנים!

האָט איהר, מיין הערר, דיעזע דיפלאָמאַטישע פערשטעלטהייט אין פרייען ענגלאַנד זיך אָנגעאייגנעט?

* * *

אויב פון אוגאַנדאַ וועט גאָר ניט ווערן — זאָגט איהר — וועט די יודישע לאַגע ניט אויפהערען אַ טרויריגע צו זיין. און דערביי זענט איהר מוסיף, אַז פיעלע זעהן אין דעם וואָס די יודישע לאַגע וועט טרויריגער ווערן — אַ רעטונג פון ציוניזם.

וועמען שיט איהר זאַמד אין די אויגען, מיין הערר! צו האָבען דען די אוגאַנדאַ-געגנער זייער ארץ-ישראל-ציוניזם אויף דער שלעכטער לאַגע פון פאָלק בעגרינדעט? איז דאָך פונקט דאָס איבערגעקעהרטע דער פאַל: זאָגען מיר ציוניסטען דאָך אַלע מאָל, אַז ווייל די יודישע צרות זענען אַזוי פיעל, ווייל פון דיעזע צרות ליידען מיליאָנען יודען — זענען מיר ניט אומשטאַנד דורך וועלכער ניט איז גיכער קאָלאָניזאַציע און פערשיעדענע אווטאָנאָמיעס פון דיעזע צרות אין 24 שעה אַ-נ'עק צו מאַכען. מיר זאָגען אַלע מאָל, אַז מיר מוזען פערבעסערן אונזער לאַגע, כדי מיר זאָלען קענען איבערטראָגען די ליידען — און בעקומען פרישע כוחות כדי אַהין צו קומען, וואו מיר ווילען אונזער בעשטענדיגע היים אויפבויען.

איהר טעריטאריאליסטען אָבער, איהר מוזט (ווי טרויריג דאָס איז) זיך שטיצען אויף דער עלענדער לאַגע פון פאָלק, דען וואָס מעהר עלענדער אונזערע מאַסען זענען, אַלס מעהר שאַנסען האָט איהר די מאַסען פאַר זיך צו געווינען. די הונגערנדע פאַנטאַזיע פון דער עלענדער מאַסע איז פעהיג צו גלייבען אייערע פערשפרעכונגען, אַז באַלד ווערט זי געהאָלפען. און וואָס מעהר הונגעריגער, וואָס מעהר עלענדער די מאַסע איז — אַלס מעהר וויל זי אייך גלייבען. ווייל גראָד דער הונגעריגער איז ניט פעהיג טיעף צו דענקען און זיך חשבון אין זיינע געפיהלען אָפצוגעבען.

אַז מיר שטיצען ניט אונזער ציוניזם אויף דער טרויריגער לאַגע פון פאָלק, בעווייזט דאָך אַם בעסטען אונזער בעשלוס אויף דעם פיערטען (לאָנדאָנער) קאָנגרעס, אַז די ציוניסטען זענען מחויב זיך בעשעפטיגען מיט אויסבעסערן די לאַגע פון פאָלק, אַז מיר מוזען זיך בעשעפטיגען מיט די אַלע „הייבונגס-פראַגען".

נעבען ביי ערלויבט מיר דאָ אַ פראַגע: אויב איהר זענט באמת אינטערעסירט, אַז די

יודישע לאַגע זאָל זיך אויסבעסערן, פאַרוואָס האָט איהר קיין האַנד אין קאַלט וואַסער ניט געטהון, כדי אין מזרח פון לאָנדאָן אַ אמת־יודישע נאַציאָנאַלע שולע צו גרינדען? פאַרוואָס האָט איהר אַלע מאָל דערלאָזט, אַז אייערע ענגלישע ציוניסטישע „פעדעריישען" האָט ניט נור ניט נעשטיצט, נור נאָך געשטערט, ווען אַנדערע האָבען זיך מיט קולטור־אַרבייט בעשעפטיגט? פאַרוואָס איז נאָך ביז איצט דאָס לאָנדאָנער ציוניסטישע פאָלקסהויז (פאַר וועלכען הערר ראָזענבוים אויס רומעניען האָט אַזוי פיעל געאַרבייטעט) נאָך ניטאָ, בעת די יודישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וואָס זענען פיעל אָרימער פון אייך, האָבען שוין אַ אייגען „פאָלקס־הויז" אין וועלכען די יודישע אַרבייטער־מאַסען לערנען דעם ציוניזם פעראַכטען! פאַרוואָס האָט איהר און אייערע חברים גאָר ניט געטהון כדי פאַר די עמיגראַנטען אַ „אַרבייטס־הויז" צו גרינדען אין וועלכען די פריש־געקומענע זאָלען זיך גיך אַ מלאכה אויסלערנען, זאָלען זיך לערנען די זיטען פון פאָלק צווישען וועלכען זיי דאַרפען לעבען — און איהר האָט זיי געלאָזען אין שעלטער שינדען די הויט, שפייען אין פנים און טרעטען מיט די פיס?

איהר מוזט דאָך מודה זיין, אַז אַזאַ מין אַרבייט וואָלט פיעל מעהר געהאָלפען אונזערע מאַסען יודיש צו ערציעהען, אַלס אַ חוזק'ע עקספּעדיציע וואָס וועט דורכרייזען דאָס אוגאַנדאַ־לאַנד!

און אין וואָס פאַר אַ קאָמיש־טרויריגע לאַגע איהר געפינט'זיך איצט! איהר זענט — ניט ווילענדיג נאַטירליך — געוואָרען דער ענגלישער אַגענט, דער פערטרעטער פון דער פּאַרטיי אין ענגלאַנד, וואָס וויל די ענגלישע טהוירען פאַר'ן יודישען נע־ונד'ני פערמאַכען! עס איז דאָך איצט קיין סוד, אַז די בריטישע רעגיערונג האָט אונז מיט איין האַנד אויף אוגאַנדא אָנגעוויזען, כדי מיט דער אַנדערער האַנד דאָס אינדוסטריע־רייכע ענגלאַנד פאַר אונז צו פערמאַכען! פיהלט איהר דען ניט ווי גרויס דער נאַציאָנאַלער בזיון עס איז פאַר אונז, ווען מיר ווילען אויפ'ן חורבן פון איין טייל יודען, וואָס מען וועט ניט אַריינלאָזען אין ענגלאַנד — בויען אַ נעסט ערגעץ וואו פאַר א אַנדערן טייל יודען! און האָט איהר עס אַזוי מאַטעמאַטיש אויסגערעכענט, אַז דער טייל וואָס וועט איינוואַנדערן אין דער וויסטען אוגאַנדא וועט זיין אַזוי גרויס ווי יענער טייל וועלכען מען וועט ניט אַריינלאָזען (צוליעב אוגאַנדאַ) אין בליהענדען ענגלאַנד?!

* *
*

מיר מוזען, זאָגט איהר, אונזער בעוועגונג אפּהיטען, עס זאָלען אין איהר ניט איינטרע־טען פילאַנטראָפּען, אונזער בעוועגונג, מיינט איהר ווייטער, דאַרף „אין ערשטער ליניע" אַ פּאָליטישע זיין.

ניין, הערר גרינבערג, ניט אַ פּאָליטישע, נור אַ „נאַציאָנאַל־פּאָליטישע" מוז אונזער בעוועגונג „אין ערשטער ליניע" זיין.

דער אונטערשיעד ליגט אויף דער האַנד.

אויב אונזער בעוועגונג מוז — ווי איהר ווילט — „אין ערשטער ליניע" זיין א פּאָ־ליטישע, אַזוי הייסט דאָס, אז מיר מוזען אלע אונזערע קרעפטען אוועק געבען כדי „פּאָליטישע" ערפאָלגע צו בעקומען. אין דיעזעם פאַל איז היינט אוגאַנדא אַלס „פּאָליטישער ערפאָלג" — ציוניזם. מאָרגען — וועט אַ קאָנצעסיע אין קאָנגא — אַלס „פּאָליטישער ערפאָלג" — ציוניזם זיין. מיר פערקעהרען מיט גרויסע מעכטע — וועט עס הייסען. „מען פערהאַנדעלט מיט אונז ווי מיט אַ רעגירונג" און נאָך אַזעלכע שיין־קלינגענדיגע פראַזען.

איך מיין אָבער, אַז אונזער אויפגאַבע בעשטעהט ניט אין דעם גלאַט מיט „גרויסע מעכטע" צו פערקעהרען. אזא קונסטשטיק האָט דער יודישער פילאַנטראָפּישער שתדלן משה מאָנטעפיאָרע אויך געקענט בעווייזען. און צו באַראָן הירש'ס שטימע האָט זיך אפילו דאָס „גרויסע רוסלאַנד" צו געהערט, און ביי ראָטהשילדען אויף דער חתונה, טאַנצען פירסטען, און די פריהער נאַציאָנאַלע, איצט אָבער בלויס צדקה־חברה „כל ישראל חברים" פערקעהרט אויך מיט „גרויסע מעכטע".

דיעזע אַלע „פּאָליטישע ערפאָלגע" פון איינציגע יודען אָדער חברות האָבען אָבער, פון ציוניסטישען שטאַנדפונקט, קיין שום ווערטה. היינטיגע צייטען קען יעדע סוחרים־גרופּע

אַלס סינדיקאט מיט די „גרעסטע מעכטע" פערקעהרען, קאָנצעסיעס בעקומען א. ד. ג. און דערביי מאַכט מען כלל קיין רעש, קיין געפּילדער.

אַ „פּאָליטישער ערפּאָלג" האָט פאַר אונז ערשט דאנן א ווערטה, ווען ער ברענגט דער גאַנצען יודישען נאַציע נוצען. ווען למשל בעלגיע זאָל אונז ערלויבען אין קאָנגאָ א יודענשטאַאט צו גרינדען אין וועלכען מיליאָנען יודען זאָלען פלאַטץ האָבען, נור אין דער־זעלבען צייט — זאָל בעלגיע א תנאי אויסנעמען, אַז קיין יודישער עמיגראַנט טאר ניט אין בעלגיען זיך בעזעצען — אַזוי וואָלט דאָס געהייסען אַ „גרויסער פּאָליטישער ערפּאָלג", וועלכען מיר ציוניסטען וואָלטען מיט עקעל צוריק געוואָרפען. אונזערע „פּאָליטישע ערפּאָלגע" מוזען דורכאויס נאַציאָנאַל זיין!

דערפאַר, זאָג איך, איז עס גאָר ניט ציוניסטיש ווען איהר זאָגט, אַז „אין ערשטער ליניע" מוז אונזער בעוועגונג פּאָליטיש זיין! דאָס מוזט איהר זאָגען! אַזאַ מין קוק אויף דער בעוועגונג זאָל אייך דאָס רעכט געבען טשעמבערלענ'ן צו העלפען זיין קאָלאָניאַל־פּאָליטיק דורכפיהרען, דערביי ברענגענדיג אַ קרבן די יודיש־נאַציאָנאַלע אינטערעסען. —

* * *

אייער פריינד ישראל זאנגוויל האָט אַלע מאָל מיט רעכט דאראויף אָנגעוויזען, אַז די יק"א פערשווענדעט אומזיסט מיליאָנען, ווען זי מיינט, אַז אין די גלות־לענדער קען מען די יודען אַזוי פאָרבערייטען, כדי זיי זאָלען קומען אין די פאַר זיי געגרינדעטע קאָלאָניעס אַלס פאַרטיגע בעלי־מלאכות און אקערבויער. שפּעטער האָט י. זאנגוויל זיך אַליין פערלוירען און אָנגע־הויבען אונז לערנען, אַז כדי אין פּאַלעסטינא גוטע אַקערבויער צו זיין — מוז מען זיי אין — אוגאנדא פאַרבערייטען. און איהר, הערר גרינגבערג, ווייסט ניט בעסערס אַלס דיעזען גרויסען אונזינן ניט־איבערלעגט נאכצוזאָגען. די יודען, מיינט איהר, זענען איצט ניט פעהיג אין פּאַלעסטינאַ ניצליכע בירגער צו ווערען — בכן מוזען מיר אונז ערשט אין אַ אַנדערער אייגע־נער טעריטאָריע זיך פּאָרבערייטען. דאָס עהנליכע ליעדעל האָבען די רוסישע רעאַקציאָנערע געזונגען, ווען עס האָט געהאַלטען ביים בעפרייען די פּויערים פון דער „פּיינטשינאַ", און אויך איצט ווען מען רעדט אין רוסלאַנד פון דעם, אַז דאָס פּאָלק זאָל זיך בעטייליגען אין דעם רע־גיערען פון לאַנד. די פינסטערע רעאַקציאָנערן ווייסען אומעדום און תמיד צו דערציילען אַז דער עולם איז נאָך ניט „פּאַרטיג" און ווילען ניט וויסען, אַז כדי „פּאַרטיג" צו ווערן, כדי צו קענען א טהייל נעמען אין אַ פּאַרלאַמענט, למשל, מוז מען אַ געוויסע צייט דאָס פּאַרלאַמענטס־לעבען מיט־מאַכען. אין דער פרייהייט לערנט מען ערשט רעכט פריי צו פיהלען, פריי צו דענקען, פריי צו זיין.

ווילען מיר האָבען אַ אייגען לאַנד, אַזוי ווילען מיר שוין דאָרט לערנען ווי אַזוי עס צו פיהרען. פאָרבערייטען דאַרפען מיר זיך ניט דערצו! די פּאָרבערייטונגען דאַרפען נור בעשטעהן אין דעם: אין זוכען און אין בעשאַפען די נייטיגע מיטעל און כוחות וועלכע זאָלען מעגליך מאַכען דאָס געוואונשטע לאַנד צו בעקומען.

ווילען מיר ניט פעהיג זיין אין פּאַלעסטינאַ אַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישען זעלבסטשטענ־דיגעס לעבען צו פיהרען, אין פּאַלעסטינאַ מיט וועלכען מיר זענען מיט אַזוי פיעל פעדעם פערבינדען, אין פּאַלעסטינאַ אין וועלכען מיר זענען ערשט אַ פּאָלק געוואָרדען — אַזוי איז עס דאָך דער גרעסטער אַבסורד אָהנצונעמען, אַז אין אַ ווילד־פרעמד לאַנד אוגאַנדאַ וועלען מיר, מיר נישט, דיר נישט, מסוגל ווערן אַ שטאַאט צו גרינדען. —

* * *

צו דרייסט איז עס פון אייער זייט צו בעהויפּטען, אַז מיר פערמאָגען נאָך „קיין צאָלן לאַנד אין פּאַלעסטינאַ". צו ווייסט איהר נור אין אייערע אַגיטאַציאָנס־רעדעס צו רעדען פון „די פּיעלע בליעהענדע יודישע קאָלאָניען אין ארץ־ישראל"?

געוויס האָט איהר געמיינט דערמיט צו זאָגען, אַז ווייל מיר האָבען נאָך קיין טשאַרטער אין ארץ־ישראל איז אַלעס לאַנד וואָס מיר האָבען דאָרט — ניט אונזערס. נור ווי קאָמיש, יא ווי אבסורד אַזאַ מיינונג איז! ווען איהר ווערט מיט אַ „דאָקומענט" קומען אין וועלכען עס הייסט, אַז מיר מעגען אין אוגאַנדא אַ שטאַאט בויען (אַזוי ווייט האַלט עס איבריגענס ניט)

אַזוי וועט דאָס ביי אייך הייסען, אַז אין אוגאַנדא האָבען מיר יודישעס לאַנד? און ווען טויזענדער פאַמיליעס האָבען מיט זייער שווייס און בלוט ממש בענעצט די „פיעלע צאָלען" ערד אין פאַלעסטינא אָהן אַ „דאָקומענט", אַזוי הייסט דאָס נ י ט י ו ד י ש ע ס לאַנד? און איז דער היסטאָרישער צוזאַמענבונד מיט׳ן לאַנד, איז דאָס פיהלען, דאָס ב ע וו אוסט־זיין פון מיליאָנען־יודען אַז פאַלעסטינא א י ז א ו נ ז ע ר ס — איז דאָס אַלעס ניט מעהר ווערטה אַלס אייערע „דאָקומענטען" — דאָקומענטען וועלכע יעדע סוחרים־גרופע ק ע ן בעקומען?

כדי מיט א ז א ט אָ ן פון פאַלעסטינא צו רעדען, הערר גרינבערג, מוז מען דאָס לאַנד פשוט פ י י נ ד האָבען, מוז מען דאָס גאַנצע יודישע פאָלקס־פיהלען און דענקען פעראַכטען.

און דערביי ווילט איהר, מיין הערר, אַ ציוניסט זיין!

* *
*

נור וואָלט איהר וועניגסטענס אויף איין אָרט געשטאַנען און מיט אַ אָפען פנים, אַזוי אַז יעדער זאָל וויסען וו א ס א י ה ר ז ע נ ט. דרעהט איהר זיך אָבער אַרום־און־אַרום און דאָס אויסזעהען אייער׳ס בייט זיך פון צייט צו צייט: עס הענגט אָפּ, פון דעם וואָס פאַר אַ גרופּע איהר טרעפט פאַר אייערע אויגען, אַזאַ מינע מאַכט איהר.

פריהער האָט עס געהייסען, אַז מיר דאַרפען זיך פאַר פילאַנטראָפען היטען, מיר טאָרען זיי אין אונזער בעוועגונג נ י ט אַריינגעמען און איצט הייסט עס שוין, אַז מיר דאַרפען דערפאַר אוגאַנדא אָננעמען ווייל דאָס וועט העלפען אַז די רייכע יודען זאָלען צו אונז צוטרעטען; זיי וועלען זעהן אין אוגאַנדא עפּיס „גרייפּבאַרעס" וועלען זיי זיך גאָר מחיה זיין און צו אונז קומען.

דערווייל דערמאָהנט איהר אייך, אַז דיעזע גוטע יודישע הערצער שרעקען אָפּ פון אוגאַנדא ווייל מען רעדט פון אַ אווטאָנאָמיע — מאַכט איהר אַ ווייך פנים, הערר גרינבערג, און איהר לייקענט גאָר אָפּ די גאַנצע אווטאָנאָמיע! די אווטאָנאמיע איז גאָר קיין אווטאָמיע ניט — זאָגט איהר; דער גאַנצער ענגלישער „פאָרשלאַג" בעשטעהט נור אין דעם, שווערט איהר אייך (און א י ה ר מוזט דאָך עס וויסען!) און ניט מעהר ווי אַ „יודישע פערוואַלטונג" וועלכע זאָל פון דער ענגלישער רעגיערונג ב ע ש ט י מ ט אָדער ב ע ש ט ע ט י ג ט ווערן! פון דער גאַנצען אווטאָנאָמיע איז אַלזאָ געוואָרען ניט מעהר ווי אַ מין יודישע געמיינדע אין אירגענד וועלכער שטאָדט אין די גלות־לענדער. און דאָס איז אין „ווירקליכקייט דורכאויס נ י ט ב ע א ו נ ר ו ה י ג ע נ ד" (אייער קורסיוו.)

בעת איהר האָט דאָס געשריעבען האָט איהר אייך ווידער דערמאָנט אין אַ אַנדערער גרופּע און דערשרעקענדיג זיך פאַר׳ן אייגענעם קול — ווייזט איהר אָן, אַז גראָד די א ו ו ט אָ נ אָ מ י ע איז דער הויפּט־פונקט אין אוגאַנדא פראָיעקט, דען די א ו ו ט אָ נ אָ מ י ע וועט (ווי איהר זאָגט) בעשאַפען, וועט אַרויס רופען אַ וואַרמעס געפיהל, די סענטימענטען ביים יודישען פאָלק אַזוי, אַז זיין האַרץ זאָל אָנהייבען ו ו א ר ם שלאָגען פאַר מזרח־אפריקא!

און אַ בעוויז ברייגגט איהר אויפ׳ן אָרט: אָט האָט די יודישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינא ניט געלונגען — ווייל... ווייל עס האָט דאָרט געפעהלט אַ אווטאנאָמיע!

אָ, הייליגע אונשולד!

דערווייל שמייסען אייך די פ אַ ק ט ע ן א י ן פ נ י ם: ווען א י י ן רייכער יוד האָט פערשפּראָכען העלפען די יודען זיך בעזעצען אין אַרגענטינא, האָבען צעהנער־טויזענדער, אויב ניט הונדערטער־טויזענדער יודען, זיך ניט געקענט דערוואַרטען ביז מען וועט זיי אַ מאָל העלפע אַריבער פיהרען. פרעגט נור זאַנגווילען וועט ער אייך דערצעהלען — וויפיעל פעטיציעס באַראָן הירש האָט בעקומען, און צו האָט אפילו א י י נ ע ר נור זיך אויף דער א ו ו ט א נ א מ י ע אנגעפרעגט — בעת איהר זענט געקומען צום קאָנגרעס מיט אַזעלכע גדלות׳דיגע ווערטער, בעת איהר האָט די גאַנצע וועלט אָפּגענאַרט, מיט אייער פ ע ר ג ר ע ס ע ר ן און פ ע ר ש ע נ ע ר ן דאָס אונגליקליכע פּאַפּיעריל, בעת פון יענער צייט זענען פערגאַנגען באַלד צוויי יאָהר און כדי צו קענען שיקען נור אַ חוזק׳ע „עקספּעדיציע" פון דריי מענשען — האָט איהר די אָרימע גראָשענס ניט געקענט בעקומען! די וויסטע „חלוקה" בעטרעפט מעהר אין 6 הדשים אַלס אייך איז געלונגען צונויפ־ש נ אָ ר ע ן אין כמעט צוויי יאָהר!

* *
*

עס ווערט שווער אַלע אייערע ווידערשפּרעכונגען אויפצוצעהלען. יעדער צווייטער זאַטץ

אין אייער „אָפענעם בריעף“ ווידערשפרעכט דען פריהערן, דער דריטער זאַטץ — דען צווייטען א. אז. וו. אָט זאָגט איהר, אַז אויב מיר נעמען ניט אָן אוגאַנדא וועלען די ציוניסטען וועניגער אַלס די אַנדערע שולדיג זיין — באַלד זאָגט איהר אַז גראָד מיר ציוניסטען וועלען זיך מעגען שעמען. דאָ ערלויבט איהר אונז אין ארץ=ישראל די דאָרטיגע יודען צו קאָלאָניזירען און באַלד פערביטעט איהר צו קויפען אַ שטיקעל לאַנד דאָרט, דען פאר לאנד אין פאַלעסטינא ציטערט איהר אַ שרעק! (דערביי מוז איך אייך זאָגען, אַז עס איז כלל ניט עהרליך פאַן אייער זייט, ווען איהר דערציילט אַז „אייערע פריינדע אין ווילנא“ האָבען אויך אַזוי בעשלאָסען! עס איז ניט אמת, הערר גרינבערג! אַבסאלוט אַלע יענע וואָס האָבען זיך בעטייליגט אין ווילנא אין דער אַסיפה זענען דערפאַר, אַז מען זאָל וואָס] מעהר לאַנד קויפען אין ארץ=ישראל ניט וואַרטענדיג אויפ'ן טשאַרטער).

אינטערעסאַנט איז אייער אין 4 פונקטען אויפגעשטעלטעס פראָגראַם: נאַטירליך מוזט איהר אויפ'ן ערשטען פונקט מזרח=אפריקא שטעלען. דער 4=טער פונקט אייערער לויטעט אָבער דאָך, „די פערדערונג פון רעפארמען אין פאלעסטינא, וועלכע דען יודען יעדע געלעגענהייט געבען זאָל, זיך דאָרט אָנצוזיעדלען אונד אינדוסטריען צו בעטרייבען“ (אייערע ווערטער). הייסט דאס ניט, הערר גרינבערג, קליין=קאָלאָניזאַציע נאָך פאַר דעם טשאַרטער? וואָס פאר אַ פראָגראַם האָט איהר, ווען אין איין בריעף בייט איהר אייערע מיינונגען אַלע רגע?

אָדער טראַכט איהר זיך, אז איהר ווילט אונז ציוניסטען אַלעס נאָכגעבען, אויב נור מיר וועלען אייער אוגאנדא אננעמען?

זאָל דאס „דיפלאָמאַטיע“ זיין?

* * *

איהר פיהלט, אַז איהר זענט ווייט אַוועק פון די ציוניסטען און צום סוף פון בריעף רופט איהר צו שלום. עס איז נור, זאָגט איהר, אַ קלייניגקייט, אַ „איינצעלהייט“ וואָס צעשייד אונז, און איבער קלייניגקייטען דאַרף מען זיך דאָס האַרץ ניט אָפעסען.

פאר אייך, הערר גרינבערג, איז ארץ-ישראל א קלייניגקייט און ביי אונז איז עס דאָס לאַנד אָהן וועלכען אונזער גאַנצער ציוניזם האָט קיין אינהאַלט! און דערפאַר, מיין הערר, וועלען מיר מיט אייך און אייערע חברים קיינמאָל שלום מאַכען! צוויי וועגען האָט איהר פאַר אייך: אָדער אַרויסטרעטען פון אונזער ארגאַניזאַציע און דענסטמאָל אינטערעסירען אונז אייערע פלענער ניט מעהר, אָדער זיך אָבזאָגען פון אַלערליי טעריטאָריען, פון אלערליי פאַלשע און שעדליכע פאליטיק=טרייבעריי און מיט אונז צוזאַמענאַרבייטען פאַר דאָס אויפבויען פון יודענשטאַאט אין ארץ=ישראל.

איהר ענדיגט אייער בריעף ווי יעדער אלט=מאָדישער מגיד מיט אַ „ובא לציון גואל במהרה בימינו“, וואָס שטעלט דערביי אויף די האנד נאָך די קאָפּיקעס פאַר דער דרשה. עטליכע מאָל האָט איהר אונז געזאָגט, אַז איהר ווינשט ניט גיך פאלעסטינא, און דעם בריעף ענדיגט איהר, אַז פאַלעסטינא „מעג אין אונזערע טאַגע קומען“ — און דערביי האַלט איהר אויסגעשטרעקט די האַנד — נאָך אוגאַנדאַ! ווי חוזק איהר מאכט פון אייך אַליין!

נור ווייסט, הערר גרינבערג, אַז יענע צייטען זענען שוין נישטאָ, ווען מען האָט אונז מיט זיסע פראַזען געקענט אָפנאַרען. אַכט יאָהר ציוניסטישע אַרבייט זענען פאַר אונז אומזיסט ניט אַוועק. מיר קענען איצט אונטערשיידען פון אונזערע אמת'ע פריינד, און פון יענע וואָס ווילען גלאַט אונזערע פיהרער זיין.

און אָט צו די לעצטע געהערט איהר, הערר גרינבערג!

אַכטונגספאלל

דר. יחזקאל ווארטסמאנן

# יודישע חראָניק.

אַ וויכטיגע עפּאכע — אדעסער דעפּוטאציע — אונזערע פּעטערסבורגער „פּאר שטעהער״ — באריסאגלעבסק און יעקאטערינאסלאוו — אוטישקין וועגען יודישע פּאָרדערונגען. — צוזאַמען מארשירען. — ליאדער פּאָליטיקער — נאַציאנאלע פּאָליטיק. די פּועלי ציון און די ציוניסטישע בעלי בתים — דריי ציוניסטישע אַסיפות. — אדעסער פּראקלאמאציע. — בערנער אסיפה — קעטענער קורסען. די ווארשויער „גמינע״. —

זעהר אַ וויכטיגע און ערנסטע צייט לעבט איצט איבער דאָס רוב פּון דעם יודישען פּאָלק— די יודישע בעפּעלקערונג פּון רוסלאַנד. אַ מעכ־טיגער שטראם פּון פּרישעם לעבען האָט זיך מיט אַ מאָל אַרויסגעריסען און צוגאָסען זיך איבער דאָס לאַנד. די געשעהנישען פּון די לעצטע צייטען האָבען בעוויזען דעם פּערדראָרבענעם כח, וואָס האָט געוואורצעלט אין דער רוסישער געזעל־שאַפּט; זיי האָבען אויפגעוועקט די איינגעשלאָ־פענע כחות און ענטוויקעלט די ניט ענטוויקעלטע. מיט ריעזען שריט געהט אַצונד דאָס רוסישע לעבען פּאָרווערטס, יעדע שעה ברענגט נייע כחות, יעדער טאָג ברענגט נייע פּאָרדערונגען. דאָס, אויף וואָס זעהר פּיעלע האָבען נאך מיט אַ קורצער צייט צוריק געקוקט ווי אויף „שעהנע חלומות״, הויבט זיך אַצונד אָן צו פּערווירקליכען, און קיינער צווייפעלט שוין ניט אַז עס וועט ענדליך פּערווירקליכט ווערען, יעדער נייער טאָג פּערדרענגט דעם נעכטיגען, און די פּאָרדערונגען, וועלכע מ׳האָט נאָך נעכטען בעטראַכט אַלס צו־גרויסע, זענען היינט צו קליין.

דיעזער גרויסער שטראָם פּון לעבען האָט זיך אויך אַריינגעריסען צו אונז, אין אונזער יודיש געסעל, און פּון דעם, ווי אַזוי מיר וועלען זיך צו איהם אַצונד פּערהאַלטען, ווי אַזוי מיר וועלען זיך אויף איהם אָברופען, פּון דעם, ווי אַזוי מיר וועלען פּערשטעהן איהם אויסצונוצען, איז אָבהענגיג זעהר פּיעל פּון אונזער עתיד. צום בעדוירען אָבער פּערשטעהן דאָס ניט אַלע: פּון איין זייט הערען מיר די אַלטע טענה, אַז דאָס גאַנצע לעבען, וואָס רוישט אַרום אונז, געהער זיך מיט אונז גאָר ניט אָן, אַז פּאַר אונז איז אַלץ איינס ווי אַרום אונז וועט זיין. אונזער לאגע, טענה׳ן דיעזע אַלטע פּאָליטיקער, איז פּון דיעזען אַרומדיגען לעבען ניט אָבהענגיג, און דערפּאַר קענען מיר בלייבען גלייכגילטיג צו דיעזעם לעבען. אויף דיעזע אַלטע טענות האָבען מיר שוין געהאַט די געלעגענהייט זיך אָבצו־שטעלען [1]). מיר האָבען בעוויזען, ווי פּאַלש זיי זענען, און ווייל זיי זענען פּאַלש, זענען זיי אויך געפּעהרליך. און ווען דאָס פּרינציפּ פּון גלייכגילטיגקייט איז איבער הויפּט געפּעהרליך, איז דאָס פּאַר אונז איצט דאָפּעלט געפּעהרליך, ווען דורך דעם קענען מיר איצט דורכלאָזען אַ מאמענט, וואָס קען האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף אונזער גאַנצער געשיכטע.

נאָך פּאַלשער אָבער און נאָך געפּעהר־ליכער איז אַ אַנדער טענה, וועלכע מע לעגט אונז איצט אָפּט פּאָר, אַלס אַ גאַנץ נייע, האַטש, אין אמת אַריין, איז אויך זי שוין אלט גענוג.

---

[1]) זעה „יודישע חראָניק״, העפּט II. 1905.

מיר רעדען פֿון דער טענה, אַז אַצונד, אין דיזעם מאמענט, איז ניט דאָ קיין פּלאַץ פֿאַר באַזונדערע נאַציאָנאַלע פֿאָרדערונגען, אַז אַצונד זענען דאָ נור אַלגעמיינע אינטערעסען און אַלע אינטערעסען, וואָס טראָגען אַ נאַציאָנאַלען כאראַקטער האָבען איצט קיין פּלאַץ. דיזע פּאָליטיק פֿיהרט צו די אַלטע טעותים, וועלכע מיר האָבען שוין ניט איינמאָל געמאַכט, זי פֿיהרט צו אונזער פאלשטענדיגער שוואכקייט, זי פֿיהרט צו דעם, אַז די רעזולטאַטען פֿון אונזער אַרבייט זאָלען פֿאַר אונז פֿערלוירען ווערען. דאָס איז די פֿאַלשע פּאָליטיק פֿון „פֿערלאָזען זיך אויף שפּעטער" און אַלס אַזעלכע איז זי פֿיעל געפֿעהרליכער אַלס די ערשטע.

דערפֿאַר זאָגען מיר, אַז די עפּאכע, וועלכע מיר לעבען איצט איבער, איז פֿאַר אונז זעהר אַ וויכטיגע און זעהר אַ ערנסטע. אַ טעות אין דיזעם מאמענט קען האָבען זעהר שווערע פאָלגערונגען פֿאַר אונז. פֿון איין זייט מוזען מיר איצט פֿעסט געדענקען, אַז נור דאַן וועלען אונזערע פֿאָרדערונגען האָבען איצט אַ ממשות, ווען מיר וועלען זיי פֿעראייניגען מיט די פֿאָרדערונגען פֿון אַלע איבריגע פֿארשריטליכע עלעמענטען, ווען מיר וועלען צוזאַמען מיט זיי אויפֿטרעטען און צוזאַמען מאַרשירען. פֿון דער אַנדערער זייט אָבער טאָרען מיר ניט פֿערגעסען, אַז „צוזאַמען מאַרשירען" הייסט ניט אויסמישען זיך אונטער די אַנדערע און פֿערגעסען די אייגענע פֿאָרדערונגען; און, אַרויסטרעטענדיג צוזאַמען מיט אַלע אונטער איין אַלגעמיינער פֿאָהן, דאַרפֿען מיר בשום אופֿן ניט פֿערגעסען מיטצוברענגען, הויך אויפֿצוהויבען און מיט פֿעסטע הענד צו האַלטען אונזער אייגענע נאַציאָנאַלע פֿאָהן. און נור דאַן, ווען מיר וועלען צוזאַמען מיט די איבריגע מאַרשירען און דאָך אונזערע באַזונדערע אינטערעסען ניט פֿערגעסען, קאָנען מיר האָפֿען, אַז דיזע עפּאכע וועט פֿאַר אונז ניט אומזיסט אַריבערגעהן.

לאָמיר זיך אָבער אַצונד צוקוקען צום איצטערדיגען לעבען אין דעם יודישען תחום.

אונז איז שוין ניט איינמאָל אויסגעקומען צו רעדען מכח דער גלות פּאָליטיק פֿון „דעפּוטאַציעס" און בקשות. מיר ווייסען אויך אַלע, ווי אַזוי דיזע „דעפּוטאַציעס" וואַקסען אויס: אַ פּאאר יודישע גבירים גיבען זיך דעם נאָמען „דעפּוטאַציע", פֿאָהרען אַוועק קיין פּעטערסבורג און הויבען דאָרט אָן צו קריעכען אויף די הינטערטהירען פֿון פֿערשיעדענע „גרויסע" אַלס שתדלנים פֿון דעם יודישען פֿאלק. אָנצופֿרעגען זיך ביים פֿאָלק, צו עס וויל אַז זיי זאָלען אויפֿטרעטען אַלס זיינע שתדלנים — דערצו איז אונזער בורזשואַזיע ניט געוואָהנט. מיר געדענקען נאָך אַלע די דעפּוטאַציע באַלד נאָך דעם קעשיניעווער פאגראם, וואָס איז בעשטאַנען פֿון ה' ג־ג מיט זיינע חברים. די „דעפּוטאַציע" האָט דענטסמאָל אַרויסגערופֿען אַ שווידער ביי יעדען, ביי וועמען דער גלות האָט נאָך ניט אָבגעטויטעט אַלע מענשליכע געפֿיהלען, און נאָך היינט איז אונמעגליך צו רעדען רוהיג פֿון דיזער דעפּוטאַציע צו דעם פֿערשטאָרבענעם פּלעווע. עס איז זעלבסט פֿערשטענדליך, אַז קיינער האָט דיזע „דעפּוטאַציע" ניט אויסגעקליבען, גלייך ווי קיינער האָט ניט געקליבען די איבריגע דעפּוטאַציעס, אין וועלכע ה' ג. איז אויפֿגעטרעטען, און פֿון דעסטוועגען געהן דיזע „דעפּוטאַציעס" תמיד אין דעם נאָמען פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק, און אויף דעם גאַנצען פֿאָלק פֿאַלט דער פֿלעק פֿון זייער גלות פּליטיק. און אויך איצט ווען דאָס לעבען אַרום אונז איז אַזוי ווייט פֿון „דעפּוטאַציעס" און ווען אַפֿילו מעשצערסקי איז מודה, אַז פֿאָרשטעהער מוז מאַן וועהלען, קאָן אונזער יודישע בורזשואַזיע זיך נאָך ניט בשום אופֿן אָבזאָגען פֿון דער פּאָליטיק פֿון ניט געבעטענע און ניט געוועהלטע „דעפּוטאַציעס", און פֿון אדעס איז מאַן מודיע, אַז אין גיכען וועט פֿון דאָרט אַרויסגעהן אַ „דעפּוטאַציע" פֿון דריי מענשען קיין פּעטערסבורג, כדי צו שתדלנען דאָרט פֿאַר כלל ישראל. און דיזע „דעפּוטאַציע", ניט נור וואָס זי קימערט זיך ניט וועגען דער מיינונג פֿון כלל ישראל, נור אַפֿילו ביי דער אדעסער יודישער געמיינדע, אין וועמענס נאָמען זי פֿאָהרט, האָט זי זיך אויך ניט אָנגעפֿרעגט.

האָט די אדעסער בורזשואַזיע חאָטש נור זעלטען די מעגליכקייט אויפֿצוטרעטען מיט „דעפּוטאַציעס" אין דעם נאָמען פֿון דעם גאַנצ יודענטום, האָבען מיר דערפֿאַר אין פּעטערסבורג בעשטענדיגע „פֿאָרשטעהער", וועלכע האָבען זיך גענומען דאָס רעכט אויפֿצוטרעטען תמיד אין דעם נאָמען פֿון דעם גאַנצען יודענטום און אַרויסצושטעלען זיך אַלס די שתדלנים פֿון דעם גאַנצען פאלק. „שטאַט צו פֿאָרדערען" עפֿענטליך אונזערע רעכטע, וואָס קומען אונז אַלס מענשען און אַלס בירגער פֿון דעם לאַנד, פֿאַרנעמען זיי זיך מיט דעם שיקען פֿון „דעפּוטאַציעס", מיט דער פּאָליטיק פֿון שתדלנות — מיט דעם טפּוס שתדלנות, וועלכע ערנידריגט אונזער כבוד און

רופֿט אַרויס אַ געפֿיהל פֿון פֿעראַכטונג צו די שתדלנים. זיי (דיזע „פֿאָרשטעהער") זענען צו־פֿריעדען פֿון אַ שמייכעל פֿון איין „גרויסען" אָדער פֿון אַ הבטחה פֿון אַ אַנדערען „גרויסען". דאָס איז די אַרבייט פֿון אונזער צענטראַלען קאָמיטעט, און אַזוי ערפֿיהלט ער די פֿאָרדערונגען פֿון דעם היסטאָרישען מאָמענט, אין וועלכען מיר לעבען איצט!" דיזע ווערטער, וועלכע זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרען פֿון ה' אוסישקין אויף דער יעקאַטערינאָסלאַווער אסיפֿה פֿון דער יודישער געמיינדע, זענען דער אָבקלאַנג פֿון דער אַלגעמיינער מיינונג אין דעם יודישען תחום.

די צייט פֿון „דעפּוטאַציעס" איז פֿאַריבער, עס איז געקומען די צייט פֿון פֿאָרדערונגען. און די פֿאָרדערונגען פֿון די באַריסאָגלעבסקער און יעקאַטערינאָסלאַווער יודישע געמיינדען זענען אַ אצבע הזמן. מיר שטעלען זיך דאָ הויפּטזעכליך אָב אויף דער יעקאַטערינאָסלאַווער אסיפֿה, ווייל זי איז אַם מייסטען חאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער צייט, וואָס מיר לעבען איצט איבער. עס איז זעהר חאַראַקטעריסטיש, וואָס ה' אוסישקין איז אויפֿגעטרעטען פֿאַר די פֿאָרדערונגען, חאַראַקטע־ריסטיש איז די רעדע פֿון אוסישקין און חאַראַק־טעריסטיש איז די טעלעגראַמע צום פּרעזידענט פֿון דעם מיניסטערקאָמיטעט, וואו עס איז אונטער־געשריבען געוואָרען, אַז מיר האָבען דאָס „רעכט צו פֿאָרדערען גלייכע פּאָליטישע און בירגערליכע רעכטע". דאָס אַלעס איז זעהר חאַראַק־טעריסטיש: עס בעווייזט, ווי דאָס לעבען צווינגט אַפֿילו אַזוינע פּאָליטיקער, ווי אוסישקין, צו נע־מען זיך פֿאַר „געגענוואַרטסאַרבייט". אמת אוסיש־קין האָט אויך אין דיזעם פֿאַל פֿערטיידיגט די מיינונג, אַז אין אונזערע פֿאָרדערונגען דאַרפֿען מיר זיך געהן גאַנץ אָבגעזאָנדערט, און איז אַרויסגעטרעטען געגען דעם פֿאָרשלאַג, אַז די יודען זאָלען זיך סאָלידאַריזירען מיט די איבריגע פֿאָרדערונגען פֿון די פֿאָרשריטליכע עלעמענטען. די לאַגע פֿון די יודען, מיינט ער, איז ניט אָב־הענגיג פֿון די פֿאַריאַדקעס, וואָס הערשען אין לאַנד. אוסישקין האָט זיך אָבער די איינפֿאַכע שאלה ניט געשטעלט: פֿאַר וואָס האָט מאַן פֿריהער ניט געהערט אויף די עפֿענטליכע יודי־שע פֿערזאַמלונג אַזוינע פֿאָרדערונגען? איז דאָס ניט אָבהענגיג פֿון דעם, וואָס פֿריער האָבען אַנדערע פֿאַריאַדקעס געהערשט? און ווי באַלד אונזערע פֿאָרדערונגען זענען אָבהענגיג פֿון די פֿאַריאַדקעס פֿון דעם לאַנד, זענען זיי אויך פֿער־בונדען מיט די פֿאָרדערונגען פֿון אַלע איבריגע פֿאָרטשריטליכע עלעמענטען, וואָס האָבען דעם צוועק אומצוענדערען די אַלטע פֿאַריאַדקעס, און דערפֿאַר, חאָטש מיר ווייסען גוט, אַז מיר האָבען אונזערע בעזונדערע פֿאָרדערונגען, און „דיזע באַזונדערע פֿאָרדערונגען אַלס פֿאָלק מוזען מיר איצט דוקא אין דיזעם מאָמענט אונטערשטרייכען" — פֿונדעסטוועגען מוזען מיר איצט אויפֿשטעלען דאָס פּרינציפּ „צוזאַמען מאַרשירען!"

נור „צוזאַמען מאַרשירען", האָבען מיר פֿריהער געזאָגט, הייסט ניט אויסמישען זיך אונ־טער די אַנדערע — און דאָס מוזען מיר איצט זעהר גוט געדענקען.

צו געדענקען דאָס אָבער אַלע — דאָס איז אַ גאַנץ אַנדערע פֿראַגע. אַפֿילו אַסאַך פֿון די יעניגע, וועלכע זענען טהעאָרעטיש מסכים מיט דעם, אַז מיר מוזען אַרויסשטעלען אונזערע באַזונדערע פֿאָרדערונגען, פֿערגעסען איצט אין דער הייסער מינוט אין דיזע פֿאָרדערונגען און האָבען מורא צו פֿערוויקלען איצט די זאַך מיט איינצעלנע נאַציאָנאַלע פֿאָרדערונגען. היינט ווער רעדט שוין פֿון די, וועלכע אַנערקענען דיזע פֿאָרדערונגען איבערהויפּט ניט. וועגען אַזוינע מיני פּאָליטיקער שרייבט מאַן אונז פֿון ליאַדו. אויף אַ אסיפֿה פֿון די יודישע אַרבייטער אין ליאַדו איז אָבגעהאַלטען אַ רעפֿעראַט וועגען ציוניזם, דער רעפֿערענט האָט איבערגעקייט אַבי־סעל אַלטע געקייטע שטרוי: ער האָט „בעוויזען", אַז דער ציוניזם איז אַ רעאַקציאָנערע בעוועגונג, אַז די ציוניסטען אונטערשטיצען די רעאַקציע אין רוסלאַנד און נאָך אַזוינע שפּיציגע חכמות, און צום סוף האָט ער „בעוויזען", אַז די יודען־פֿראַגע איז ניט מעהר, ווי די אינערע פּאָלי־טישע פֿראַגע פֿון רוסלאַנד. ע"כ מוזען זיך די יודען אַרויסשלאָגען פֿון דעם קאָפּ יעדען גע־דאַנק וועגען באַזונדערע אינטערעסען און מוזען זיך פֿאָלשטענדיג פֿערשמעלצען אין זייער אַרבייט מיט דער איבריגער בעפֿעלקערונג. דאָס אַלעס איז אייגענטליך אַלטע בעקאַנטע פּלוידערייען, גלייך ווי עס איז ניט ניי די טאַקטיק פֿון דיזער אסיפֿה, וועלכע האָט אויסגעפּאַטשט די עטליכע ציוניסטען, וואָס זענען דאָרט געוועזען און האָבען געוואָלט ענטפֿערען דעם רעפֿערענט, און האָט זיי פֿערטריבען פֿון דער פֿערזאַמלונג. ווען מיר שטע־לען זיך אָבער דאָך אָב אויף דיזער אסיפֿה איז דאָס דערפֿאַר, ווייל איצט, אין דיזער „הייסער מינוט", קאָנען אַזוינע רעדנער האָבען אַ ערפֿאָלג. „שפּעטער, קאָנען זיך איינינגע פֿון אונז טראַכטען,

וועלען מיר אַודאי א ו נ ז ע ר ע פֿאָרדערונגען ניט פערנאכלעסיגען, נור אַ צ ו נ ד איז ניט די צייט צו רעדען פֿון זיי. אַצונד קעמפּפען מיר אַלע צוזאַמען געגען דעם אַלגעמיינעם שונא, געגען דער ביוראָקראַטיע, און ווען מיר וועלען אין דיעזעם קאַמפּף גובר זיין, וועלען מיר דענטסמאָל אויפֿטרעטען פֿאַר אונזערע באַזונדערע פאָרדערונגען". דיעזע טענה איז פֿאַר אונז אין דיעזעם מאָמענט, ווי מיר האָבען שוין פֿריהער געזאָגט, זעהר געפֿערליך, דען גראַד אין דיעזעם מאָמענט, ווען מיר טרעטען אויף צוזאַמען מיט די איבריגע פֿאַר אַלגעמיינע פאָרדערונגען, מוזען מיר אָפען און קלאָר ערקלערען די בעדינגונגען, אונטער וועלכע מיר געהען אַריין אין „בלאָק"; אַצונד איז גראָד די געאייגנעסטע צייט אויפצושטעלען אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פּאָליטיק אין גלות, און דערפֿאַר זענען די יעניגע, וועלכע ווילען אונז איינרעדען, אַז ניט איצט איז די צייט פֿון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, פֿיעל געפֿערליכער פֿאַר אונז פֿון די אוטאָפּיסטען, וועלכע רעדען זיך איין און ווילען אויך אונז איינרעדען, אַז אונזער לעבען אין גלות איז גאַנץ אונאָבהענגיג פֿון די ארומידיגע פאַריאַדקעס.

אונזער פּרינציפּ מוז אַצונד זיין: צוזאַמען מאַרשירען און דאָך תמיד געדענקען און כסדר אַרויסשטעלען אונזערע באַזונדערע נאַציאָנאַלע פאָרדערונגען און אינטערעסען.

און דורך דיעזעם פּרינציפּ געפֿיהרט מוזען אַצונד אויפֿטרעטען און טרעטען אויך מייסטענס אויף די „פּועלי ציון", און דערפֿאַר זענען מיט זיי אַזוי אונצופֿריעדען אונזער ציוניסטישע בעלי בתים.

פֿאַר אונזערע אויגען ליעגען אַצונד די פּראָטאָקאָלען פֿון חארקאָווער, דונאַיעווצער און ראָווגער ציוניסטישע אַסיפֿות. די לעצטע צוויי אַסיפֿות זענען אונטערגעאָרדנעט דעם ראַיאָן פֿון ה. שיינקין, און ביידע זענען זיי געפֿיהרט געוואָרען אונטער זיין פֿאָרזיץ. די פּראָטאָקאָלען פֿון דיעזע צוויי אַסיפֿות זענען פֿול מיט ציפֿערען, וועלכע גיבען אַ געוויסען בעגריף פֿון דעם אפּיציעלען לעבען אין דעם ראַיאָן און בעווייזען, אַז דער מורשה האָט ווירקליך ז ע ה ר פֿ י ע ל ג ע אַ ר ב י י ט. פֿון דעם גייסטיגען לעבען אָבער פֿון די אגודות געפֿינט איהר אין די פּראָטאָקאָלען קיין איינציג וואָרט. און אויך וועגען דעם, אַז די אַסיפֿות אַליין זאָלען זיך עפּיס פֿערנעמען מיט די צייט־און שטרייט־פֿראַגען אין דעם ציוניזם, זעהט מען אויך ניט פֿון די פּראָטאָקאָלען. דערפֿאַר דערוואוסט איהר זיך פֿון דאָרט, אַז נאָך איין אַסיפֿה האָט מאַן בעגייסטערט געזונגען „די שבועה" און נאָך דער אַנדערער איז געווען אַ באַנקעט, וואו מע האָט געטרונקען „כרמל", געשיקט אַ טעלעגראַם דער פֿרוי שיינקין און געדאַנקט „דעם אייניקעל פֿון די מכביים", דעם מורשה שיינקין, פֿאַר זיין אַרבייט, און ענדליך דערוואוסט איהר זיך פֿון די פּראָטאָקאָלען, אַז דער מורשה האָט אויף ביידע אַסיפֿות אָבגעהאַל"טען אַ „גלענצענדע רעדע", וועלכע „האָט געמאַכט אַ שטאַרקען רשם", געגען... די „פּועלי ציון". מיר ווילען דאָ ניט אויפֿטרעטען אַלס די אַדוואָקאַטען פֿון די „פּועלי ציון" — זיי וועלען זיך אַליין „ביישטעהן זייער שטעדטיל" — מיר פֿערשטעהן אויך זעהר גוט, ווען איינינע טרעטען אויף געגען איינינע פֿאַלשע פּרינציפּען פֿון די פּועלי ציון. נור לעכערליך איז אָבער, ווען מע טרעט אַריין צו די פּועלי ציון מיט בעלי בתישע פאָרדערונגען און מע פאָדערט פֿון זיי, אַז אויך זיי זאָלען אויסקלויבען אין ציוניזם די „רוהיגע" בעל הביתישע דרכים. דאָס איז ווענינגסטענס לעכערליך, גלייך ווי עס איז לעכערליך דאָס, וואָס ה. שיינקין זעהט ביי די פּועלי ציון גאָר ניט, חוץ דעם רצון „נאָכצוטאַנצען אַנדערע".

נור נאָך ווייטער פֿון דעם באַלטער מורשה איז געגאַנגען די חאַרקאָווער אַסיפֿה. ה. שיינקין האָט זיך בעגניגט מיט „גלענצענדע רעדעס", די חאַרקאָווער האָבען אָבער אויך אָנגענומען רעזאָליוציעס אויסצושליעסען די יעניגע „פּועלי ציון" פֿון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבען ניט אַ פּאָליציייליכען הכשר. מיר רעדען דאָ ניט פֿון דעם פּראַקטישען ווערטה פֿון דיעזער פּאָליצייליכער רעזאָליוציע — די פּועלי ציון (ווענינגסטענס דער רוב פֿון זיי) שטעהן אויך איצט, וועגען טאַקטישע גרונדען, אויסערהאַלב דער אָרגאַניזאַציע און פֿון אויסשליעסען קען גאָר קיין רעדע ניט זיין — נור פּרינציפּיעל איז די רעזאָליוציע אַ ש אַ נ ד ע. עס איז אַ שאַנדע, ווען מענשען, וואָס רעדען וועגען נאַציאָנאַלער פֿרייהייט און וועגען אַ קאַמפּף פֿאַר דיעזער פֿרייהייט, שטעלען זיך אויף אַ פּאָליצייליכען שטאַנדפּונקט. און ווען עמיצער פֿערדיענט אויסגעשלאָסען צו ווערען פֿון דער אָרגאַניזאַציע — זענען דאָס די פּאָליציי־ציוניסטען.

* * *

מיר האָבען בעקומען פֿון אַדעס פֿאָלגענדען אויפֿרוף.

„דער פֿעריין פֿון די נאַציאָנאַליסטען

פון די שטעדט קיעוו, ניקאלאיעוו, אדעס, חערסאָן, קישינעוו, בענדער, אַקערמאַן א. א.

די אונאָרדנונגען אין רוסלאַנד זענען פאַר־געקומען און קומען פאַר וועגען דעם גלייכגילטיגען לעבען, וואָס מיר האָבען געפיהרט אין אַ משך פון צענדליגער יאָהרען, ניט אַכטונג געבענדיג אויף די יעניגע, וואָס געהערען צו אַ אַנדער אמונה און וואָס וואהנען אַרום אונז.

די געשרייען: „ניעדער מיט דער אווטאָ־קראַטיע, ניעדער מיט דער רעגירונג"... דאָס אַלעס איז דאָס געשריי פון יענע בלוטזויגערס, וואָס רופען זיך אָן זשידעס, ארמענער, פּאָלאַקען גרוזינער א. א. וועלכע ווילען אַריינחאַפּען אין זייערע הענד און רעגירען איבער די מענשען, וועלכע האָבען צענדליגער יאָהרען פערגאָסען זייער רוסיש בלוט פאַר דער אמונה און פאַר דעם קיסר. אונזער פעריין, וועלכער האָט אַצונד 297865 מיטגלידער, פאַרנעמט זיך איצט מיט דעם וואָס ער פאָרשט נאָך די זשידעס און די איבריגע נאַציעס, וועלכע זשאַלעווען ניט קיין געלד און שטרעבען אונטערצוקויפען די אַרביי־טער און דערמיט בעשאַפען אונרוהען און ער־קעמפפען זיך אַלע רעכטע און רעגירען איבער אונז. איבער די זשידעס זענען פראַנקרייך (?) און פוילען געפאַלען, און דאָס זוכען זיי אויך מיט אַלע כחות אָבצוטהון מיט רוסלאַנד.

היט אייך, פריינד, פאַר די זשידעס...

גיך, זעהר גיך וועט קומען די וואונדער־באַרע צייט, ווען אין רוסלאַנד וועט ניט זיין קיין זשידעס.

אלע אומגליקען, אַלע צרות פון אונזער לעבען זענען די זשידעס.

ניעדער מיט די פערעטער...

ניעדער מיט דער קאָנסטיטוציע...

27 יאַנואר 1905

דאָס 83 טויזענד.

גיבט דאָס איבער אַייערע פריינד.

דיעזע פראָקלאַמאַציע איז אין צענדליגער טויזענד עקזעמפּלארען פערטיילט געוואָרען אין אָדעסס.

* * *

אָנפאַנג מערץ איז אין בערן אָבגעהאַל־טען געוואָרען אַ אַסיפה פון די שווייצערישע „ציוני ציון". מיר ווילען זיך דאָ אָבשטעלען נור אויף איין מאָמענט פון דיעזער אַסיפה. אין גע־גענזאַץ צו דער ווילנער אַסיפה האָט די בערנער ניט אָנגענעמען אַ גאַנצע רייהע פון רעזולוציעס וועגען דער אַרבייט אין פאַלעסטינא און האָט זיך נור בעגנוגט מיט איין רעזאָלוציע וועגען דער נויטווענדיגקייט אויסצופאָרשען פאַלעסטינאַ. „און אויף דעם יסוד פון אַ גרונדליכער אויס־פאָרשונג, אַזוי הייסט דאָס אין דער רעזאָלוציע, וועלען מיר ערשט האָבען די מעגליכקייט אויס־צושטעלען אַ פּלאַן פאַר אונזער אַרבייט אין פאַלעסטינאַ" [1]). און אַזאַ מין רעזאָלוציע האָט, נאָך אונזער מיינונג געפעהלט אין ווילנא. אַז מע קען ניט „אויספאָרשען פאַלעסטינא זיצענדיג אין ווילנא". ווי דער רעדאַקטאָר האָט מיך פאָריגעס מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, ווייסען אויך מיר, נור מיר ווייסען אויך, אַז מע קען ניט אויפשטעלען פלאנעס פון אַרבייט אין פאלעס־טינאַ, ביז עס וועט ניט זיין קלאָר, אויף וועלכע אופנים עס איז מעגליך און צוועקמעסיג צו אַרבייטען, ביז אונזער פראָגראַם פון דער אַרבייט אין פאַלעסטינא וועט זיך גרינדען אויף בעל הביתישע השערות און ניט אויף וויסענשאַפטלי־כע אויספאָרשונגען. די בערנער אַסיפה האָט דיעזעם געדאַנק מיט איהר רעזאָלוציע אַרויס־געזאָגט.

* * *

זעהר אַ נוצליכע אַרבייט האָט איצט אונ־טערגענעמען די פאַלעסטינער קאָמיסיע דורך דעם, וואָס זי עפענט אויף דער צייט פון די פעריען קורסען וועגען פאַלעסטינא אין קעטען (דייטש־לאַנד). דערמיט גיבט זי דער שטודענטישער יוגענד די מעגליכקייט מעהר צו באַקענען זיך און מעהר צו פעראינטערעסירען זיך מיט פאַלעסטינאַ. אַזוינע קורסען זענען אימשטאַנד פאַרצובריייטען אַ רייהע יונגע כחות פאַר אַ נוצליכער אַרבייט אין פאַלעסטינאַ.

דער יודישער חראָניקער.

P. S. די „חראָניק" איז שוין געווען געענדיגט, ווען מיר האָבען בעקומען דעם פאָלגענדען אויפרוף וועלכען מיר ברענגען דאָ — דערווייל — אָהן פירושים:

„ברידער! אַ געוואַלטיגע עולה האָט אָנגעטהון די וואַרשויער גמינע דעם גאַנצען כלל ישראל, אַ פערברעכען וועלכען מיר טאָרען אייביג נישט מוחל זיין!

[1]) איך ציטיר די רעזאָלוציע ע"פ "י זכרון", נור דער זינן פון דער רעזאָלוציע איז אַלער־דינגס ריכטיג איבערגעגעבען ד. י. ח.

אין דער צייט, ווענן אַלע יודישע קהלות פֿון גאַנץ רוסלאַנד האָבען אויסגעליכט דעם איינגעבויגענעם רוקען און פֿאָרדערען גלייכע **רעכט**, וואָס זיי קומט אַלס מענשען, האָבען די גרויסאַרטיגע פֿאָרשטעהער פֿון דער וואַרשויער געמיינדע — דער גרעסטער אין גאַנץ אייראָפּאַ— זיך לחלוטין **אבגעזאגט פון דער ארבייט לטובת דעם כלל ישראל.** זיי ווילען זיך נישט צוזאַמען=נעהמען מיט אַלע יודען צו פֿאָדערען די יודישע רעכט, זיי ווילען גאָר נישט וויסען פֿון יודישע כלל=זאַכען. אין דעם נאָמען פֿון 260 טויזענד וואַרשויער יודען, האָבען ז י י, די עטליכע פֿערדאַרטע בלעטער, וואָס האַלטען שוין ביי'ן אַראָבפֿאַלען פֿון דעם יודישען בוים, זיך אונטערגענומען צו זאָגען, אַז די וואַרשויער יודען האָבען גאָר נישט צו פֿאָדערען, אַז זיי קענען זיך נישט מתחבר זיין מיט די רוסיש=יודישע קהלות, גלייך ווי אַלע יודען וואָלטען נישט געווען פֿון א י י ן פֿלייש און פֿון א י י ן בלוט.

ז י י — אונזערע רעדעל=פֿיהרער — איז וויי און וואַרעם, ז י י זענען זאַט, וואָס האָבען זיי צו זאָרגען פֿאַר אַלע הונגעריגע און דערדריקטע נפשות ?! און **דאס** זיינען אונזערע פֿיהרער ! ברידער ! אַזאַ פֿערברעכען שרייט צום הימעל ! מיר טאָרען נישט שווייגען און מיר וועלען ניט שווייגען.״

ד. י. ח.

# די יודישע פרעסע

די מ ל ח מ ה צווישען זשאַרגאָן און העברעאיש.— רייזין דער שפּראַך=פֿאָרשער, שאפירא זיין „אַדיוטאַנט״.— רובינשטיין דער וויסענשאַפֿטס=מאַן.— דער מ ו ט ה י ג ע ר „פֿ ר י י נ ד״.— טביוב דער פעדאַגאָג.

אַ טרויריגען און שווערען מאמענט איבערלעבט איצט דאָס יודישע פֿאָלק. דאָס אינערליכע לעבען איז צעריסען, צערשטיקעלט ; דער הונגער און די אָרימקייט איז שוין לאַנג ניט געווען אַזוי גרויס ווי איצט. די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָט צעהנדליגער טויזענדע יודישע עקסיסטענצען חרוב געמאַכט, און די יודישע עמיגראַנטען האָבען די יודישע לאַגע אין לאָנדאָן, נעוויאָרק א. ד. ג. נאָך פֿערערגערט. אין פֿיעלע רוסישע שטעדט לעבען די יודען „אין איין פחד״ פֿאַר פאגראָמען. אין אַנדערע שטעדט, ווי פּ ע א ד א ס י ע, האָט אַ פּאָגראָם שוין חרוב געמאַכט עטליכע צעהנדליגג יודישע פֿאַמיליעס. דער „פֿריהלינג״ אין רוסלאַנד האָט אַ נייע געשטאַלט אָנגענומען ; יעדען טאָג ערוואַרטעט מען אין רוסלאַנד גרינדליכע ענדערונגען אין דער רעגירונגס־פֿאָרם ; דאָס געזעלשאַפֿטליכע לעבען אין רוסלאַנד זאָל זיך אַנדערש געשטאַלטען. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דאס וועט זיך נאָהענט אָפּרופֿען אויף דאָס יודישע לעבען. און אָט איצט גראד איז עס זעהר נעטיג, אַז די פֿערשידענע פּאַרטייען און שטרע־

מונגען זאָלען זיך פערראייניגען און מיט געזאַמעלטע כוחות פאָדערן די אַזוי לאַנג געטרעטענע רעכטע. מיר איבערלעבען איצט אַ זעלטענעם היסטאָרישען מאמענט — און איבער וואָס מיינט איהר, רייסען זיך איצט אַרום פיעלע פון אונזערע ציימונגען? איצט האָבען אַ טייל צייטונגען געפונען פאַר אַ „לעבענספראַגע" צו איז זשאַרגאָן אַ שפראַכע, צו ניין? [צו איז זשאַרגאָן די נאַציאָנאַל־שפראַכע, אָדער גאָר העברעאיש איז די יחסנ־טע?

מיט אַ שטורמישען „זשאַרגאָן־פּראָגראַם" איז א. רייזין אַרויסגעטרעטען אין זיין פראָספעקט וועגען „דאָס יודישע וואָרט". אַ גליקליכער מענש, אָט דער רייזין! די ווינטען וואָס בלאָזען, די חוואַליעס וואָס רייסען — אינטערעסירען איהם ניט, — דער עיקר איז, צו בעווייזען דער וועלט, אַז זשאַרגאָן און נור זשאַרגאָן איז אונזער נאַציאָנאַל־שפראַך. און ווי אַזוי מיינט איהר „בעווייזט" ער דאָס? דורך וויסענשאַפטליכע אויספאָרשונגען? דורך אויסשטודירען דאָס „געבוירען" ווערן, דאָס ענטוויקלען זיך פון אַנדערע שפראַכען, און דורך דאָס נאָהענטע, טיעפע בעטראַכטען פונ׳ם יודישען לעבען, פונ׳ם גאַנג פון דער יודישער געשיכטע? קיין שפור פון דעם אַלעם! עס קען זיין, אַז דאָס אַלעם טהוט ער ניט פאַר שלעכטיגקייט. עס קען זיין אַז דער וועג איז ניט פאַר זיינע כוחות — האָט ער זיך אויסגעקליבען אַ פיעל בעקוועמערן וועג, אַ פיעל לייכטערן: דעם וועג פון שרייען און שימפּפען, אָבער גאָר ניט אויפ׳ן ליטעראַרישען אופן.

זאָגט צייטלין אַ נאַריש וואָרט — זענען די „העברעאישע פּובליציסטען" שולדיג און אָט דער „שפראַך־פאָרשער" רייזין פערשטעהט ניט, אַז צייטלין וואָלט אין זשאַרגאָן נאָך פיעל נאַרישער געווען. אין זשאַרגאָן וואָלט צייטלין געווען אַ מאַרק־יודענע פון דעם ערגסטען סאָרט. ערשיינט אין זשאַרגאָן אַ מין כלומרש׳טע „ענציקלאָפּעדיע" ר״ל אַזוי ווערט פרישמאַן, וואָס האָט אָנגעוויזען אויף די גראָבע פעהלער פון איהר — אַ בטלן און אויפ׳ן אָרט פון אָנצווייזען די מעלות און די נייטיגקייט פון אָט יענער ענציקלאָפּעדיע — ווייסט רייזין נור „לויב־ליעדער" צו זינגען ווי די חברים פון דער „היילס־ארמעע" (Армія спасенія), וואָס פערגלאָטצען די אויגען, ברומען מיט די ליפען און קלאַפּען מיט די פיס — אויפ׳ן אָרט פון צו ערקלערן, וואָס אייגענטליך זיי ווילען. — שרייבט ש. פרוג שענער און בעסער רוסישע געדיכטע אַלס זשאַגאָרנישע אַזוי ווייסט רייזינ׳ס „אַדיוטאַנט" ביי דער „זשאַרגאָן פראַגע" צו דערציילען, אַז אָט דער פרוג איז ניט מעהר, און ניט וועניגער ווי אַ „נאַטירליכער יודא־פאַב"! ל. שאַפּירא וואָס האָט אויסגעפינען, אַז פרוג איז אַ שונא־ישראל ווייסט נעביך ניט אַז ביז איצט האָט אָט דער פרוג בערייכערט און פערשענערט דען זשאַרגאָן פיעל מעהר אַלס אַ פּאאר צעהנדליג שאַפּירא׳ס.

נור מיט פיעל מעהר חוצפה און מיט נאָך מעהר „נאַטירליכער" נאַרישקייט שרייבט מ. רובינשטיין אין N. 7 „דאָס יודישע וואָרט" איבער אונזער נאַציאָנאַל שפראַך".

הערט אַייך צו, וואָס דער מענש דערציילט אונז:

„אויף דעם מזבח פון דער העברעאישער שפראַך האָבען מיר שוין מקריב געווען זעהר פיעל גרויסע טאַלענטען, דאָס געזונד פון צעהנדליגער טויזענדער קינדער, צייט און געלד, געזונד און גוט — און עס איז אַלץ אַרויסגעוואָרפען. די העברעאישע שפראַך מיט איהר ליטעראַטור

איז געוועזן און איז עד היום אַ עיר מקלט פאַר אַלע רוחות רעות — פאַר דער פינסטערער רעאַקציאָן"·

און ווי אַזוי מיינט איהר ווערט דאָס בעוויזען? ערשט צוויי יאָהר — לערנט אונז דער וויסענשאַפטס-מאַן — אַז מען מעג זשאַרגאָן שרייבען און דאָך זעהט וואָס פאַר אַ מינים פאָרטשריטליכע ביכער און צייטונגען מיר האָבען! די העברעאישע ליטעראַטור אָבער, וואָס איז שוין אַלט „טויזענדער יאָהרען" אָט

„די העברעאישע ליטעראַטור איז אַ סימבאָל (אַ צייכען) פון רעאַקציע, פון שימעל, פון אַלטקייט און עקשנות".

און מיינט איהר אפשר, ער וויזט חאָטש אָן אויף איין ספר אַזעלכען פון דער „העברעאישער ליטעראַטור", וואָס זאָל זיין אַזוי שרעקליך? איך פאַרשטעה, אַז אויף זיין צונג איז איהם געלעגען דער „המליץ". אפשר — האָט ער זיך אָבער דערמאָנט אין די „בעריהמטע" בלעטער פון דעמזעלבען בעל-המליץ און די גאַנצען שמר-בלאַושטיין ליטעראַטור! און דעם רבי'ן מעשיות אין זשאַרגאָן! איין ערציילונג פון מענדעלי מוכר ספרים ווערט דאָך ממש דערטרונקען אין טויזענדער שמוטציגע מעשיות און העכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַנען.

און אַז אין אמעריקא און ענגלאַנד האָט מען שוין פון לאַנג „גענומען" שרייבען יודיש, אין אַמעריקא און ענגלאַנד וואו מען קען גאָר ניט רעדען פון אַ „העברע־אישער ליטעראַטור" — ווי אַזוי זעהט דאָרט אויס די זשאַרגאָנישע? עס איז דאָך געוויס אָנצוווייזען אויף די פיעלע „דראמאַטורגען", ווי לאַטיינער, פראָפעסאָר אַזוי און אַזוי, אויף די גלות-לאַנגע שונד-ראָמאַנען, וואָס פערפלייצען ממש דאָס לאַנד, אויף שרה-זאהנ־ס און אַנדערע זשאַרגאָן-צייטונגען, וואָס ערציעהען די נידריג־סטע געפיהלען אין די יודישע מאַסען — אָדער אויף אַזעלכע שוידערהאַפטע זשאַרגאָן-שמאַטעס ווי דער „יודישער עקספרעס" אין לאָנדאָן, וועלכער דערציילט זיינע לעזער, אַז אַ קינד פון 2 טאָג — האָט אַ דרשה געהאַלטען, אַז אַ מת איז לעבעדיג געוואָרען און עהנליכעס — דאָס אַלעס זאָל זיין „פראָגרעסיוו" ווייל עס איז זשאַרגאָן, און פאַר ביאַליקען קענט איהר אויף די קניעס ניט פאַלען ווייל ער שרייבט אין העברעאיש?

מיר איז קיין איין העברעאישע צייטונג ניט בעקאַנט, וואָס זאָל אין איין אַרטיקעל אַזוי פיעל בטלנות, נאַרישקייט, און חוצפה ברענגען ווי רובינשטיינס אַרטיקעל אין „דאָס יודישע וואָרט".

פאָרזיכטיגער, „דיפּלאָמאַטישער" פון „יודישען וואָרט", וועלכעס זאָגט אָפען וואָס עס וויל — איז אויפגעטרעטען דער „פריינד". אַ אייגענאַרטיג אַרטיקעל „יודיש" האָט דער N. 25 „פריינד" געבראַכט. געטריי זיין סיסטעם „היט אָפ די קונדשאַפט" ברענגט דער „פריינד" דען אַרטיקעל אַלס „בריעף אין רעדאַקציע"; דאָס איז ווי איינער רעד: נאַט קינדערלעך עסט — נור ש־ש־א שטיל, אָהן רעש און געפילדער. העברעאיש דאַרף מען טאַקע „מקבר" זיין (אָדער „בעגראָבען" אויף יודיש) נור מיט הכמה, מיט דיפּלאָמאַטיע. נאַטירליך וועט קיינער ניט פון „פריינד" דאָס רעכט צו־נעמען די אומגעלומפערטע „געדאַנקען" אַרויסצוזאָגען —, נור וואָס מיר פערלאַנגען איז: אָפענהייט, מוטה און ניט „פערשטעקטעס שפיעל".

די „אטאַקע" אויף דעם אונגליקליכען „העברעאיש הייבט־אָן ד. בער (דער שרייבער פון כלומרשת'ן „בריעף אין רעדאַקציע") אָט אַזוי:

„חדרים, ח־רים־מתוקנים, תלמוד־תורה׳ס, „בתי־ספר״, אַלערליי שולען; מיליאָנען רובל גיט אויס דאָס יודישע פֿאָלק יאָהר־יעהרליך אויף קינדער־ערציהונג, אויף בילדונג; דריי, און אפשר מעהר, ליטעראַטורען,— און דאָך — דאָס איז אַ ביטערער פאַקט—וואַקסט די אונ־וויסענהייט, די גראָבקייט פֿון דער יודישער מאַסע! און גלייך ווי מיט׳ן יודישען דלות קאָנקו־רירט זי: איינס דאָס אַנדערע וויל איבעריאָגען....„

הערט און קלויבט נחת! עס איז אַ „ביטערער פֿאַקט״, אַז וואָס מעהר חדרים־מתוקנים, תלמוד־תורה׳ס, „בתי־ספר״ אַלערליי שולען מיר גרינדען — אַלס אוּנוויסענדער ווערט אונזער מאַסע!

וואָס מעהר יודישע זשורנאַלען, צייטונגען, ביכער מיר דרוקען אין העברעאיש, רוסיש, דייטש א. ז. וו. א. ז. וו., אַלס „גרעבער״ ווערט דאָס יודישע פּובליקום!

פֿון אָט די עטליכע פּערל קענט איהר זיך שוין פֿאָרשטעלען די איבריגע „געדאנקען״ פֿונ׳ם „בריעף אין רעדאַקציע״.

„אונזער פֿאָלק איז אָרים, דערשלאָגען, אונוויסענד, עס קען זיך ניט ערלויבען אַזאַ לוקסוס ווי פיער־פינף ליטעראַטורען, זיעבצעהן שפּראַכען א. ז. וו.״.

שרייט ווייטער ד. בער און דער גוטער מאַנן קען גאָר ניט בעגרייפֿען, אַז די פֿיעלע ליטעראַטורען זענען ביי אונז קיין „לוקסוס״. אַז דאָס איז דאָס נאַטירליכע פּראָדוקט פֿונ׳ם יודישען לעבען אין די פֿיעלע גלות־לענדער, אַז אַזוי לאַנג מיר וועלען לעבען אין רוסלאַנד וועלען מיר מוזען האָבען אַ רוסיש־יודישע ליטעראַטור, אַז מיט דעם פֿערקריכען נאָך אוגאַנדאַ — וועלען מיר מוזען אונז „בערייכערען״ מיט נייע ליטעראַטורען.

נור געהט טעהנ׳ט מיט אַ מענשען, וואָס רעד פֿון „פֿאַקטען״, אַז וואָס מעהר שולען מיר בויען — אַלס מעהר פֿינסטערער. און אונוויסענדער ווערן די יודען!

אויף אַזעלכע „קלוגע״ אַרטיקעל און אויף אַזעלכע מאַרק־געשרייען ווי רובינ־שטיינס און אַנדערע אַרטיקעל אין „יודישען וואָרט״ האָט די העברעאישע פּרעסע בעדאַרפֿט אין גאַנצען פֿערשווייגען, אָבער נור ברענגען אַלס קוריאָז כדי אַ שמייכעל אַרויסרופֿען ביי די לעזער; דאָס אונגליק איז אָבער, וואָס פֿיעלע פֿון אונזערע העברעאישע ליטעראַטען ווייסען ניט צו שעצען און צו ליעבען די העברעאישע ליטע־ראַטור און דערביי די גאַל ניט אויסגיסען אויף דער זשאַרגאָנישער. פֿיעלע פֿון זיי האָבען „ענגע״ מוחות און קענען ניט פֿאַרשטעהן, אַז ניט אויפֿ׳ן חורבן פֿון זשאַרגאָן וועט העברעאיש אויפֿגעבויעט ווערן, אַז אויב העברעאיש האָט אַ צוקונפֿט, אַזוי העגנט דיעזע צוקונפֿט ניט אָפּ פֿון רובינשטיינס רצון, נור זי איז ענג פֿערקניפּט מיט׳ן לעבען פֿון יודישען פֿאָלק, און אויב דאָס לעבען פֿון יודישען פֿאָלק וועט זיך אַזוי ענט־וויקלען, אַז העברעאיש זאָל אונטערגעהן — וועלען די אַלע „אוי־וועה״ גע־שרייען כלל ניט העלפֿען. ניט די רייזינס וועלען העברעאיש אונטערגראָבען, און ניט די שפּה־ברורה׳ניקעס וועלען העברעאיש אויפֿלעבען. די זשאַרגאָן־העברעאיש פֿראַגע איז ענג פֿערקניפּט מיט דער גרויסער שרעקליך־פֿערפּלאָנטערער יודען־פֿראַגע. און די יודענפֿראַגע וועט ניט אויפֿהערן אַ פֿראַגע צו זיין נאָך די רעצעפּטען פֿון „הזמן״ אָדער „דאָס יודישע וואָרט״. זאָל זיך יעדער וואָס וויל באמת העלפֿען אויף דער יודענפֿראַגע אַ תשובה צו געפֿונען, זאָל יעדער זיך זיין וועג אָנצייכנען און לאָזען דעם אַנדערן — אַ אַנדערן וועג געהן. אויב רייזין האָט באמת כח, צו בעשאַפֿען אַ געזונדטע, פּראָגרעסיווע זשאַרגאָן־ליטעראַטור, זאָל ער עס טהון, און די

יודישע מאַסען וועלען איהם נור דאַנקען דערפאַר. די זשאַרגאָן-ליטעראַטור קען זיך אָבער רייכהאַלטיג ענטוויקלען, ניט טרעטענדיג מיט די פיס דאָס שיינע, דאָס עדלע, ווייל עס איז געשריעבען אין העברעאיש. און ווען טביוב גלייבט דורך זיינע העבּ-רעאישע לעהר-ביכער דאָס יודישע פאָלק גליקליך צו מאַכען — אַזוי קען ער דאָס, דערביי ניט אנפאַלענדיג ווי אַ בטלן אויפ'ן זשאַרגאָן. נור דאָס האָב איך אויך גאָר נאָך ניט דערציילט ווי אַזוי אָט דער „זשאַרגאָן-פּרעסער" טביוב ענטפּערט אין N. 44 „הזמן" אויף די „אטאקען" פון „יודישען וואָרט" און „פריינד".

פאַרוואָס מיינט איהר האָבען זיך די זשאַרגאָניסטען פלוצלונג אַזוי צעשריעגען? פרעגט טביוב און ענטפערט באלד: ווייל זיי — די זשאַרגאָניסטען — פיהלען אַז אָט, אָט מיט דעם רוסישען פ ר י ה ל י נ ג פערשווינדעט דער זשאַרגאָן! „דאָס לעבען זאָגט ער — וועט באלד, און טאַקע ז ע ה ר ג י ך, בעוויזען ווי ווייט די רוסיש-פּוילישע יודען האָבען ליעב דען זשאַרגאָן". מילא, אַז אַ מענש וויל זאָגען נביאות — דערצו איז אין גלות ניט יעדער מסוגל. פאַראַן אַנדערע וואָס זאָגען גאָר, אַז ביי אַ אנדערער אָרדנונג אין רוסלאנד וועלען זשאַרגאָן-צייטונגען זיין אָהן א שיעור מעהר פון העברעאישע; אָט די אפיקורסים וויזען אָן אויף דער „פרייער" אמעריקא, וואו קיין א י י נ צ י ג ע טעגליכע העברעאישע צייטונג עקסיסטירט ניט!

טביוב וויל קיין „טראָפּען טינט" ניט פערליערן מיט דער מלחמה געגען זשאַרגאָן, און אַזוי ניט ווילענדיג האָט ער א גאַנצען פּעליטאָן אָפּגעדרוקט! הערר טביוב איז אָבער ניט נור א פעליטאָניסט (עפּיס אין „הזמן" שרייבט יעדער בטלן גרויסע און „קליינע" פעליטאָנען,) נור אויך א פ ע ד א ג א ג. און אָט דער פעדאַגאָג טביוב (הערט אייך צו) דערצעלט אונז אַז אויב די קינדער רעדען במילא יודיש — צו וואָס דאַרף מען נאָך ל ע ר נ ע ן ד י ד אָ ז י ג ע ש פ ר א ך? א גליק וואָס דיעזער „יודישער פעסטאַלאַצי" איז א ו נ ז ע ר ע ר... וואָס וואָלטען מיר געטהון, ווען ט ב י ו ב איז חס ושלום א גוי — א ד י י ט ש למשל, און ער הייסט פערמאַכען אלע דייטשע פאָלקס-שולען, וואו מען לערנט ד י י ט ש מיט יענע קינדער. וואָס רעדען שוין במילא דייטש?

הערר ט ב י ו ב איז ניט נור פעדאַגאָג נור אויך ע ס ט ע ט י ק ע ר. זשארגאָן איז ביי איהם אַ „לשון סרוחה" און דערפאַר קען ער איהם ניט ליידען. און זיין העבּ-רעאיש-פיהלענדעס הארץ שרעקט זיך פאַר יענער געפּעהרליכער צייט ווען דאָס זשאַרגאָן-טהעאַטער וועט פערפּלייצען גאַנץ רוסלאַנד!

זעהט איהר, ווען מען זאָל אונז אויך ווייטער פערביטען דאָס יודישע טהעאַטער, ווען מען זאָל אונז אויך ווייטער ניט לאָזען אַרויסגעבען זשאַרגאָנישע צייטונגען — דענסטמאָל וואָלט זיך דער הייסער יוד טביוב געפרעהט מיט'ן „נאַציאָנאַלען-נצחון" פון העברעאיש!

אָט אַזוי זעהן אויס די פ ע ר ט י י ד י ג ע ר ס ר"ל פון דער העברעאישער ליטעראַטור!

איך מיין אָבער, אַז די א מ ת' ע פריינד פון העברעאיש וועלען מיט עקעל זיך אָפּזאָגען פון אַזעלכע „מליצים". די א מ ת' ע פערטיידיגער פון ה ע ב ר ע א י ש זענען די ביאַליקס, די טשערניחאָווסקי'ס, די מענדעלי'ס, די פּרצ'ס די „בעל-מחשבות" און אויך די ר י י ז י נ'ס וועלכע שרייבען פאַר העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלען!

דער שווארצער יונגערמאַנטשיק.

# ליטעראַרישע נאָטיצען.

**ליעדער. י. י. פראפוס .1905 ס. פעטערבורג.**

אַז נאָט האט בעשאַפֿען דעם טאָג און די נאכט, האָט ער נאָך אחוץ דעם בעשאַפֿען די „בין השמשות“ צייט. דאָס איז אזאַ צייט, ווען עס איז נאך ניט טאָג, ס'איז נאך אָבער נאַכט אויך ניט.

ביי פאעטען איז אויך דאָס אייגענע: פאראַן אמת'ע געוויסע טאַלענטען, אזוינע וואָס ווערען געבאָרען „אין גאָטס גנאַדע“, אין אזוינע וועט קיינער קיין טעות ניט האבען. פארקעהרט זענען אויך דאַ ריימען־פֿלעכטער, וואָס בעזיצען אפילו אויף קיין האר טאלענט ניט. אין אזוינע איז אויך שווער צו אַ טעות האָבען. — איז אָבער נאָך דא אַדריטער מין, פאעטען „בין־השמשות'ניקעס“, וואָס שטעהען צווישען די צוויי פֿריהערדיגע מינים: מען קען ניט זאָגען: זיי האָבען קיין פֿונק טאלאנט, מען קע אָבער אויך ניט זאגען, אז זיי האָבען אויך אַ אמת'ן טאלאנט.

אַז אונזער פאעט האָט קיין אמת'ן טאלאנט, פיהלט זיך אין יעדער גערדיכט, אין יעדען שיר: די פארבען זענען בלייך, די ווערטער, אפילו קלינגענדיגע, אבער פוסטע, מיט איין וואָרט — נישטא קיין פליגעל.

צום ביישפיעל וועלן מיר נעמען דאָס ערשטע לידעל פונם ביכעל:

די נאַכטיגאַל
זי זינגט און זינגט,
און יעדען טאן
אין הארצען דרינגט.
דער וואלד ער הערט
דאס ליעד און טרוימט,

דער דיכטער הערט
דאָס ליעד—און ריימט...
און אויך—איך הער
דאָס ליעד און פלעכט
אַ קראנץ פאר דיר
אין שטילע נעכט.

אין דעם שיר איז שוין מעהר נאַכט ווי טאג: „די נאכטיגאל זינגט און זינגט, ווייטער אַ מחיה'דיגער אויסדרעה: אויפ'ן ארט פון דרינגט אין הארץ, אין הארצען דרינגט. ווייטער: איך הער דאס ליעד און פלעכט אַ קראנץ פאר דיר אין שטילע נעכט“—פון וואס פלעכט ער עס אַ קראנץ, און אין אסך שטילע נעכט?

אחוץ דעם איז גלאט — גראַם שטראם מאך מיר אַ לעטניק... דער וואַלד טרוימט, דער דיכטער ריימט (נישט קיין גרויסארטיגער ריפמע!) און איך (הייסט עס, אז ער איז נישט קיין דיכטער...) פלעכט אַ קרא.ץ...

אזוינע וואסערדיגע, פוסטע שירים איז דא אסך אין ביכעל. די שירים: „אַ ווינטער ליעד“, „דו האסט מיט דיין שענקייט“, „איך טראג דעם וועלטשמערץ“. „גרינס“ „און זאל דער ווינטער קומען“ „עס לייכטען די שטערען“, „איך האב געליעבט אַ מעדעלע“ „נאכט געדאנקען“ און נאך אנדערע.

ווייטער געהען שירים וואס קלינגען ערטערווייז ניט שלעכט, נאר דער אינהאלט איז אַ אויסגעקוועטשטע ראזשענקע: בעסערע פאעטען האבען שוין וועגען דעם אַלעמען געזינגען.

בלייבען נאר געציילטע עטליכע ליעדער אויף וועלכע ס'איז אויסגעגאסען עפעס אַ ווייכקייט, וואס דערמאהנט אין אמתע פאעזיע. צוליעב דיזע ליעדלעך קען מען אונזער פאעט נישט אבזאגען אין גאנצען פון אטאלאנט. אזוינע ליעדלעך זענען: „עמ'ץ איז ביי מיר נעשטארבען“, און „איז עס אַ שפיעל“ און נאך אַ פאר שטיקליך.

מען דארף בעמערקען, אז אונזער פאעט מאכט שטארק נאך אברהם רייזין'ען און האט אַ שלעכטע שפראך. יעקב בן־שלמה.

מיר האבען ערהאלטען:

יאהר־בוך „פראגרעס" רעדיגירט דורך א. רייזען. ערשטער יאהר־גאנג 1904 ווארשא.

געקליעבענע ליעדער פֿון מ. ראזענפעלד. פֿערלאג „קליינע פֿאלקס־ביבליאטהעק" ווארשא תרס"ד.

די יודישע נאס. (ערצעהלונגען) א. רייזען. פֿערלאג „קליינע פֿאָלקס־ביבליאָטעק" ווארשא תרס"ד.

ביבליאָטהעק דאס לעבען. III בוך. די יודישע טאָרבע. ערצעהלונגען פֿון י. לערנער. אויסגאַבע „אריאל". אדעסא תרס"ד.

ביבליאָטהעק דאָס לעבען. VI בוך. אין קאליפֿארניע. ערצעהלונגען פֿון ברעט־הארט.

דר. טהעאדאר הערצל. פֿון יצחק שלמה זלצמאן.

פֿערלאַג אהרן פֿויסט. קראקוי: 1) בליהמעלע, א טהעאַטערשטיק פֿון י. לייטיינער; 2) עתליהו. שוישפּיעל אין פֿיער אַקטען. פֿון משה איש הורוויטץ הלוי.

שירי דוד חלק ראשון. מאת דוד בער טורקעל. פֿילאדעלפֿיע פ. אויסגאבע „אריאל" אדעסא תרס"ד.

כתבי הד"ר הרצל הציונים. קובץ ראשון הוצאת „בני ציון" ורשא. מתורגמים עברית ע"י ה. י. חזן וש. טשרנוביץ ורשא 1904.

אחיאסף, מאסף ספרותי עם תמונות וציורים לשנת תרס"ה. הוצאת חברת „אחיאסף" ווארשא תרס"ה.

הוצאת „הברק: א) הכסף והאשה. ב) אלמנזור מלך בבל. ג) אלמנזור מלך בבל. ד) חסד ירחמים. תרגם רובינק. תרס"ה ורשה.

הפרוגרמה הציונית שלנו מאת מ. מ. אוסישקין. הוצאת „ציוני ארץ־ישראל" ווארשא 1905.

קבץ ספורים. הוצאת „האור"א.) א. רייזין; ב) ש. אש. ג) ה. ד. נאמבערג. ורשה 1904.

בת הגיתה. ספור מ. ינובסקי. אדעססא 1904.

ספורים, קובץ ראשון. ה. ד. נאמבערג. הוצאת „ספרות" וורשא 1905

שירי דוד. חלק ראשון מאת דוד בער טירקעל פֿילאדלפיא 1904.

ביבליותיקה עברית. לבדה. רומן מאת א. א. קבק. קפו—קץ. הוצאת „תושיה" ורשה 1905.

---

# „The Jewisch Future“

A SOCIAL, LITERARY AND SCiENTIFIC MONTHLY.

Editor: Dr. CH. WORTSMANN.

# »Еврейская Будущность«

Ежемѣсячный общественный литературный и научный журналъ.

אדמיניסטראַציע פֿיר אויסלאַנד:

M. EHRLICH, Krakau (Galizien)
Dietelsgasse 59.

אדרעסע פֿיר רוסלאַנד:

Др Х. Вортсманъ, Варшава,
Новолипье 36/77.

פֿערטרעטער פֿיר גאַנץ ענגלאנד:

R. MAZIN & Co. 65, Old montague str. LONDON N. E.

פֿערטרעטער פֿיר אמעריקא און קאנאדא:

S. DRUCKERMAN, 50 Canal Str. NEW-JORK.

## בוכהענדלער און אגענטען אין רוסלאַנד

וואס בעשעפֿטיגען זיך מיט׳ן לאחדים פֿערקויף זאלען זיך ווענדען נור צום פערטרעטער:

Издательство „ЯВНЕ“, С. А. Левитасъ, Варшава, Купеческая 6.

אבאנעמענטס-פרייז:

יעהרליך 6 שילינג; 7 מארק; 8 פראנק; 6 קראנען; 1.20 דאלאר; 2.50 רובל.
1/2 יאהר: 3 „ ; 3 1/2 „ ; 4 „ ; 3 „ ; 0,60 סענט ; 1,25 „

אין אפֿריקא און אווסטראליע:

א יאהר: 8 שיל., 1/2 יאהר — 5 שיל., איין העפט: 1 שילינג.

פרייז פֿון איין העפֿט:

30 קאפ; 30 קרייצער; 6 פענס; 12 סענט; 75 סענטים; 60 פפֿעניג.